# סימפאָני מוזיק

קורצע דערקלערונגען איבער דעם אינהאלט פון די
וויכטיגסטע סימפאָנים, סימפאָנישע פּאָעמעס, סוטס,
אָווערטורס, ראפּסאָדיס, א. ד. ג., מוזיקאלישע
קאָמפּאָזיצעס וואָס האָבן אַ פּראָגראמאטישן
כאראקטער און ווערן אָפט געשפּילט אויף
קאָנצערטן. מיט ביאָגראפישע
נאָטיצן און בילדער פון די וועלט
בארימטע קאָמפּאָזיטאָרס
און אַ ווערטער-בוך פון
מוזיקאַלישע
טערמינען.

פון נחמיה קאפּלאַן

**GEMS OF ART PUBLISHING CO.**
235 East Broadway
New York

# פֿאָרוואָרט.

יעדער איינער וואס באזוכט די סימפאָני קאָנצערטן און הערט אויפמערקזאם די ווערק פון די גרויסע מייסטער, קלאסישע און מאָדערנע, פילט גאַנץ אָפט, אז די מוזיק וואָס ווערט געשפּילט איז עפּעס מער ווי א קונסט פון שיינע הארמאָנישע פּראָ־פּאָרציעס, זיס קלינגענדע מעלאָדיעס און ריין טעכנישע פיגורן. עפּעס דוכט זיך, אז דער אָרקעסטער דערציילט פארשידענע מעשיות, שילדערט געוויסע פּאסירונגען און מאָלט אלערליי בילדער. דער דאָזיגער איינדרוק איז ניט קיין גענארטער. דער מאָדערנער אָרקעסטער איז אין דער ווירקליכקייט אויך א פּאָעט און א מאלער, און די גרעסטע טייל מוזיקאלישע קאָמ־פּאָזיציעס וואָס ווערן איצט געשפּילט, האָבן א פּראָגראמאטישן כאראקטער, ד. ה. זיי נעמען זייער השפּעה אין פּאָעזי, נאטור, קונסט אָדער לעבנס פּאסירונגען.

דער צוועק פון דער דאָזיגער ארבעט איז צו געבן די אַלגעמיינע קאָנצערט באזוכער די מעגליכקייט זיך צו באקענען מיט דעם אינהאלט פון די אלע מוזיקאלישע קאָמפּאָזיציעס, וואָס דריקן אויס אָדער אילוסטרירן געוויסע סיטואציעס. עס איז אמת, אז גוטע מוזיק אפּעלירט צו די צוהערער ווען זיי ווייסן אפילו ניט וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געוואָלט אויס־דריקן דורך דער קאָמבינאציע פון די פארשידענע טענער, אָבער עס איז קיין ספק ניט, אז א בעסערע פארשטענדניס וועט זיי פארשאפן מער גענוס, פּונקט ווי א שיינע פּאָעמע אָדער קונסט־בילד פארשאפט א גרעסערע גייסטיגע הנאה ווען מען איז באקאַנט מיט זייער פולן אינהאלט.

דאָס מיינט ניט נאטירליך, אז הערנדיג א געוויסע מוזי־קאלישע קאָמפּאָזיציע דארף מען זיך דורכאויס האלטן ביי דעם אָנגעצייכנטן פּראָגראם. אין א סך פאלן וועט דער צוהערער

אויסגעפינען, אז דער טאָן־קינסטלער האָט גאָר ניט ארויס־געבראכט אין זיין מוזיק די געדאנקען, געפילן און בילדער וועלכע ער האָט אָנגעצייכנט, און זייער אָפט לאָזט זיך די מוזיק אויסטייטשן גאנץ אנדערש ווי דער קאָמפּאָזיטאָר אליין האָט עס געטאָן. דאָס שוואכט אָבער ניט אָפּ דעם אינטערעס באַ־קאַנט צו ווערען מיט די אידייען און מאָטיוון וואָס האָבן דעם קינסטלער באגייסטערט, בעת ער האָט זיין ווערק געשאפן.

ניט אלץ וואָס איז פּראָגראמאטיש ווערט איינגעשלאָסן אין דעם האנדבוך. אין אַ סך מוזיקאלישע קאָמפּאָזיציעס, ווי מארשן, טענץ א. ד. גל., ווערן די פּראָגראמען אויסגעדריקט אין זייערע נעמען גופא. און זיי נויטיגן זיך ניט אין קיין דערקלערונגען. דער אינהאלט פון די פארשידענע סאָנאטאָס, אָראטאָריאָס און קאנטאטאס ווערט איבערגעגעבן אין אַ ספּעציעלן בוך, וואָס ווערט פארפערטיגט צום דרוק און וועט אין גיכן דערשיינען.

די דערקלערונגען פון די פארשידענע מוזיקאלישע קאָמ־פּאָזיציעס, וואָס ווערן געגעבן אין דעם בוך, זיינען דאָס רוב גענומען פון די „סקאָרס" (פּארטיטורן) פון די קאָמפּאָזיטאָרס. דאָרטן וואו אזעלכע ווערן ניט אָנגעגעבן, ברענגען מיר די מיינונגען פון אזעלכע אויטאָריטעטן ווי וואגנער, בערליאָז, ליסט, פּראָפעסאָר ניקס און אנדערע.

מיר ווילן האָפן אז דער דאָזיגער האנדבוך וועט מער אָדער וויניגער באפרידיגן די אלגעמיינע אידישע קאָנצערט באזוכער אָדער די וואָס הערן אינסטרומענטאלע מוזיק דורך די פאָנאָ־גראפס און ראדיאָס, און אויב עס וועט דערמונטערן אנדערע ארויסצוברייננגען אין אידיש אַ מער גרינדליכע און אלזייטיגע אָבשאצונג פון די מוזיקאלישע אוצרות, וועט אונזער אויפגאבע זיין פולשטענדיג דערפילט.

נ. קאַפּלאַן.

אפּריל, 1925, ניו יאָרק.

# אינהאלט

# אינהאלט

# אינהאַלט



## יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַך

דער גרעסטער גאון אין דער געשיכטע פון מוזיק. געבאָרן אין אייזנ־באַך, דייטשלאַנד, דעם 21טן מערץ, 1685, געשטאָרבן דעם 28טן יולי, 1750. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: 232 קאַנטאַטאַס, 6 פראַנצויזישע סוטס, 6 ענגלישע סוטס, 29 אָרגאַן פרעליודס און פוגעס, 2 „מעגניפי־קייטס", די „וועל טעמפּערד קלאַוויקאָרד", סט. מעטיו פּעשיאָן מוזיק, „מעס" אין בי מיינאָר, קריסטמאס אָראַטאָריא, „שאקאנע" און די ברענ־דענבורג קאָנצערטאָס.

## „קאַפּריז" ביים אָבפאָרן פון מיין געליבטן ברודער

### Capriccio on "Departure of my Beloved Brother"

צווישן די צאָלרייכע מוזיקאַלישע ווערק פון דעם גרויסן קינסטלער יאָהאַן באַך, איז דער דאָזיקער „קאַפּריז" דער איינציקער נומער, וועלכער האָט אַן אויסגעשפּראָכענעם פּראָגראַמאַטישן כאַראַקטער. דער קאָמפּאָזיטאָר אַליין גיט פאָלגנדע דערקלערונג איבער דעם אינהאַלט פון דער מוזיק.

1. אין דער ערשטער אָבטיילונג ווערט געשילדערט ווי די פריינט זיינע זוכן אים אָפּצוהאלטן פון דער באשטימטער רייזע.

2. אין דער צווייטער אָבטיילונג ווערן אילוסטרירט די פאַרשיידענע צופאלן וואָס קענען פאָרקומען מיט אים אין דער פרעמד.

3. די דריטע אָבטיילונג דריקט אוים דעם שטארקן באַדויערן פון אַלע זיינע פריינט דערמיט וואָס ער פאָרט אַוועק.

4. אין דער פערטער אָבטיילונג ווערט איבערגעגעבן ווי די פריינט זיינע זעגענען זיך מיט אים.

5. די פינפטע אָבטיילונג איז אַן אריע פון דעם פערד אָנטרייבער.

6. דער פינאַל איז א פוגע וואָס מאכט נאָך די קלאַנגען פון דעם אָנטרייבערס האָרן.



# מילי באַלאַקירעוו

פראָמינענטער רוסישער פיאניסט און קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 31טן דעצעמבער 1836, אין ניזשני נאָווגאָראָד, געשטאָרבן דעם 4טן יולי 1910. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: אָווערטור אויף א שפּאַנישן מאַרש, אָווערטור אויף רוסישע טעמעס, אָווערטור צו "קעניג ליר", אָווערטור צו „אַנדינע", סימפאָנישע פּאָעמע „טאַמאַראַ", סימפאָנישע פּאָעמע „רוסלאַנד", פיאנא פאנטאזיע „איסלאמי".

# סימפאָנישע פּאָעמע „טאַמאַראַ״

## Symphonic Poem “Tamara”

די סימפאָנישע פּאָעמע „טאמארא״ איז באזירט אויף דער פּאָעמע פון דעם רוסישן דיכטער לערמאָנטאָוו וואָס טראָגט דעמ־זעלבן נאָמען, און דער אינהאַלט איז אין קורצן ווי פאָלגט:

אויף א ריזיגן פעלז לעבן דעם טייך טערעק אין קאווקאז שטייט אַן אַלטער פּאַלאַץ, אין וועלכן עס וואוינט די קעניגין טא־מארא. די דאָזיגע קעניגין, וועלכע איז זייער שיין, האָט די גע־וואוינהייט איינצולאַדן צו זיך יעדן טאָג איינעם פון די פארביי־פאָרנדע יונגע לייט. נאָכדעם ווי זי אונטערהאַלט זיך מיט אים אין א בארוישענדער אָרגיע פון וויין, מוזיק און ליבע, הייסט זי אים אריינוואַרפן אין טייך. אין דער צייט ווען דער קרבן אירער ווערט אוועקגעטראָגן פון די כוואַליעס, שטייט די קעניגין אויפן דאַך פון איר פּאַלאַץ און באַגלייט אים מיט ביינקענדע בליקן. גלייך נאָכדעם ווידערהאָלט זי דיזעלביגע געשיכטע מיט א צווייטן.

די מוזיק פון דער פּאָעמע הויבט זיך אָן מיט אַן אריינפיר וואָס אילוסטרירט דאָס רוישן פון די כוואַליעס. נאָכדעם הערן זיך פארשיידענע אויסרופן פון גייסטער וואָס גיבן א ווארנונג צו די פארבייפאָרנדע אַז זיי זיינען אין געפאַר. די קעניגין זינגט, דאַן קומט א טעמע אין דער פאָרם פון א פאָלקס־ליד, וואָס באַצייכנט דעם ענטפער פון דעם רייזנדן אויף דער קעניגינס ליד. דער קלאַנג פון באראבאן אנאָנסירט ווי דער קרבן, צוגעצויגן פון איר צויבער־ליכער שטימע, קומט אָן און דערנענטערט זיך לאַנגזאַם צו דעם פּאַלאַץ. די אָרגיע הויבט זיך אָן און עס הערן זיך ווילדע באַ־רוישנדע טענער. פּלוצלונג ווערט שטיל. נאָך א קורצער פּאוזע וואָס באַצייכנט דעם שרעקליכן סוף פון דער סצענע, הערט זיך ווידער דאָס רוישן פון די כוואַליעס. נאָכדעם פאָלגט א צווייטע טעמע, וועלכע שילדערט די איבערלעבונגען פון דער קעניגין בשעת זי שטייט און באַטראַכט די סצענע ווי איר קרבן ווערט לאַנגזאַם פארזונקען אין שטורמישן טייך.



מיכאעל באַלפע

באַרימטער איירישער קאָמפּאָזיטאָר פון אָפּעראס און אָפּערעטעס. געבאָרן דעם 15טן מיי, 1808, אין דובלין, געשטאָרבן דעם 20טן אקטאָבער 1870. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראס און אָפּערעטקעס „די באָהעמישע מיידל", „די מיידל פון ארטאָיס", „די צויבערין", „די ראָזע פון קאַסטיל", „סאטאנעלא", דעם פּוריטאנ'ס טאָכטער" און „דער טאליסמאן".

## אָוועוערטור צו „די באָהעמישע מיידל"

### Overture to "The Bohemian Girl"

די דאָזיגע אָוועוערטור, וואָס ווערט אָפט געגעבן צווישן די קאָנצערט נומערן, איז כמעט אין גאנצן געבילדעט אויף טעמעס פון דער אָפּערע, וועלכע שילדערט די געשיכטע פון דער באָהעמישער מיידל, ארלין, ווי זי איז אין איר יוגנד גערויבט געוואָרן פון ציגיינער, אירע איבערלעבונגען אין ציגיינערשן לאַגער, איר ליבע צו טעדעאוס און די אייפערזוכט פון דער ציגיינער קעניגין, איר אָנקומען אויף דעם יריד, ווי איר פאָטער, דער גראַף ארנהיים, דערקענט זי און ווי זי פאַראייניגט זיך ענדליך מיט איר געליבטן, ווען עס ווערט פעסטגעשטעלט, דאָס ער איז אויך פון נאָבעלער אָבשטאמונג.

נאָך אַ קורצן אריינפיר ווערט אנאָנסירט אַרלין׳ס פּאָפּולערע אריע: „כ׳האָב געטרוימט אַז איך האָב געוואוינט אין מאַרמאָרנע פּאַלאַצן״.

די אַלעגראָ עפנט זיך מיט אַ לעבעדיגער טעמע, נאָך וועלכער עס פאָלגט דער כאָר: „אין ציגיינער׳ס לעבן קענסטו לעזן״. דאַן פאָלגט אַ טעמע פאַר די פידלען, וועלכע אַקאָמפּאַנירט אין ערשטן אַקט פון דער אָפּערע דעם געשפּרעך צווישן טעדעאוסן און דעם פירער פון די ציגיינער, דעווישוף.

די קאָדאָ איז אַ ווידערהאָלונג פון דער פריהערדיגער טעמע.



# לודוויג בעטהאָווען

איינער פון די גרעסטע מוזיקאַלישע גאונים. געבאָרן דעם 16טן דעצעמבער, 1770, אין באָן, דייטשלאַנד, געשטאָרבן דעם 26טן מערץ, 1827. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: 9 סימפאָניס, 81 סאָנאַטאַס, אָפּערא „פידעליאָ״, „מעסס״ אין „סי״, אימפּעראַטאָר קאָנצערטאָ, ראַזומאָווסקי קוואַרטעטן, „מעסס״ אין „די מיידזשאָר״, אוווערטור צו קאָריאָלאַנוס״, „עגמאָנט״ אָוווערטור, אָוווערטור „נאָמענספּייער״, אָוווערטור „ווייהע דעס האוזעס״, פּראָמעטעאוס מוזיק, „באַרג פון אָליוווס״, „די רואינען פון אַטענס״, און אָוווערטור צו „קעניג סטעפען״.

# סימפאָני נומער 3 (עראיקא)
## Symphony No. 3 (Eroica)

שרייבנדיג די דריטע סימפאָני, האָט בעטהאָווען געהאַט אין זינען נאַפּאָלעאָן באָנאַפּארט, ווען ער האָט די ערשטע צייט שטארק פארגעטערט. מיט א טיפן אינטערעס האָט ער נאָכגעפאָלגט די פּאַסירונגען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, און זיין אויפמערקזאַמקייט איז צוגעצויגן געוואָרן צו דעם וואונדערבארן העלד פון דער רעפּובליק. אַלס אויסדרוק פון זיין באַגייסטערונג פאַר אים, האָט ער אין אָנהויב טיטולירט זיין ווערק „גרענד סימ־פאָני, געווידמעט צו נאַפּאָלעאָן באָנאַפּארטע". ווען ער האָט אָבער שפּעטער דערהערט די נייס, אַז נאַפּאָלעאָן האָט פארראַטן די רעפּובליקאַנישע אידייע און אָנגענומען די קעניגליכע קרוין, האָט ער מיט כעס צוריסן דעם פּאָדערבלאַט פון דער סימפאָני און זי ניט געוואָלט פארעפנטליכן. עס האָט גענומען א לאַנגע צייט ביז זיינע פריינט האָבן אים באַוועגט צו לאָזן דרוקן זיין ווערק אונטער דעם געענדערטן טיטול: „א העראָאישע סימפאָני, פארפאַסט צו פאַראייביגן דעם אָנדיינקען פון א גרויסן מענשן".

די פיר אָבטיילונגען פון דער סימפאָני האָבן פאָלגנדע אויפ־שריפטן:

1. כאַראַקטער און לעבן פון דעם העלד.
2. באַערדיגונגס צערעמאָניע.
3. א סצענע אין לאַגער.
4. די פייערונג פון דעם העלדס אָנדיינקען.

דער גרויסער טאָן־קינסטלער ריכארד וואַגנער כאַראַקטעריזירט דעם אינהאַלט פון די אָבטיילונגען ווי פאָלגט:

די ערשטע אָבטיילונג נעמט ארום ווי אין א גליהענדן שמעלץ־אויוון אַלע געפילן, וואָס ברויזן אין דער נשמה פון א שטאַרקער, רייך באַגאַבטער פּערזענליכקייט, אין דער בליהענדסטער צייט פון זיין אונרוהיגער יוגנד. פריידן און ליידן, שטרעבונגען, לוסט און זאָרג, בייגקעניש, מלחמה און אויפרעגונג, מוט און זעלבסטבאַ־וואוסטזיין מישן זיך צוזאַמען, און די אַלע געפילן שווימען ארויס פון איין קוואַל — מאַכט. דער דאָזיגער מאָטיוו, געענדערט דורך

פאַרשידענע עמאָציאָנעלע אויסדרוקן, איז די הויפּט קראַפט, וואָס באַוועגט די טאָן־פּאָעמע. מיר זעען פאַר זיך אַ טיטאַן, וואָס שטייערט זיך מיט די געטער.

אין דער צווייטער אָבטיילונג גרייכט די צושטערנדע קראַפט דעם טראַגישן קריזיס. די שטורמדיגע געפילן, איינגעצאַמט דורך טיפן שמערץ, דריקן זיך אויס אין אַ פייערליכן טרויער מאַרש. די רירנדיגע טענער גייען ביסלאַכווייז איבער, ווערן ווייכער, עס שווימען אַרויס דעראינערונגען און עס דערוועקן זיך נייע שטרע־בונגען. פון דעם טרויער שפּרינגט אַרויס אַ נייע קראַפט, וואָס פילט אונז אָן מיט אַ געטליכער ווארעמקייט. מיר קעמפן מער ניט געגן טרויער, נאָר מיר טראָגן אים אין זיך אויף די מעכטיגע כוואַליעס פון דעם העלדס נשמה.

די דריטע אָבטיילונג דריקט אויס מאַכט, וואָס איז באַרויבט געוואָרן פון איר צושטערנדער קראַפט דורך דער לייטערונג פון זאָרג. די ווילדע אומרוהיקייט האָט זיך איבערגעגאָסן אין אַ רו־היגער דערפרישנדער אקטיוויטעט. מיר זעען פאַר זיך דעם זעלבסט־צופרידענעם מענשן, וואָס פילט זיך גוט און מונטער אויף דעם שוים פון דער פרייער נאַטור, ווי ער שפּאַצירט זאָרגלאָז איבער די פעלדער און וועלדער און בלאָזט פריילאַך זיין יאַכט האָרן.

אין דער לעצטער אָבטיילונג ווערן אילוסטרירט די האַרמאָ־נישע שטימונגען פון דעם מענשן, וועלכער האָט ענדליך שלום גע־מאַכט מיט זיך אליין. די ערשטע טעמע, וועלכע קען באַטראַכט ווערן אַלס אַן אויסדרוק פון פעסטער, מענליכער אינדיווידואַליטעט, ווערט ביסלאַכווייז באַהערשט פון אַ צווייטער, וואָס איז זייער צאַרט אין כאַראַקטער און שטעלט מיט זיך פאָר דעם פרויען עלע־מענט — די מעכטיגע קלאַנגען פון ליבע, וואָס דרינגען אַריין אין דער האַרץ פון מאַן. אין אָנהויב איז דער מאָטיוו ווייך און צאַרט, נאָכהער ווערט ער שטאַרקער און ברעכט אויס אין ענטוזיאַזם. נאָך אַמאָל הערן מיר, ווי עס גנבענען זיך אַריין די טרויעריגע טענער, אָבער די מעלאַנכאָלישע געפילן ווערן שנעל פאַרטריבן פון די יובל קלאַנגען פון מענליכער קראַפט, וואָס איז באַנייט געוואָרן דורך ליבע.

# סימפּאָני נומער 6 (פּאַסטאָראַל)

Symphony No. 6 (Pastoral)

די אויפשריפטן צו באַצייכענען דעם אינהאַלט פון די אָפּטיילונגען זיינען ווי פאָלגט:

1. די אַנגענעמע איינדרוקן וואָס מען קריגט ביים אָנקומען אויפן לאַנד.
2. ביי דעם טייך.
3. די פרייליכע אונטערהאַלטונג פון די פּויערים.
4. דער שטורעם.
5. דאָס געזאַנג פון די פּאַסטוכער; אויסדרוקן פון צופרידנהייט נאָכן שטורעם.

די ערשטע אָפּטיילונג דריקט אויס די געפילן פון פריידיגער רוהיקייט, פרישקייט און מונטערקייט, וואָס ווערן דערוועקט אין דעם מענשן ביי דעם אָנבליק פון פרייען דאָרפס לעבן און דורך די אַנגענעמע ריחות און קלאַנגען וואָס פילן אָן די לופט.

די צווייטע אָפּטיילונג איז פול מיט ווידערקלאַנגען פון נאַטור לעבן, דאָס מורמלען פון טייכעלע, דאָס צוויטשערן פון די פויגעלאך א. ד. ג. און ברייגנגט אַרויס די טרוימערישע שטימונגען, אין וועלכע דער וואַנדערער פאַלט אַריין, רוהענדיג אין אַ זומערדיגן טאָג ביי דעם ברעג פון אַ טייך.

אין דער דריטער אָפּטיילונג ווערט געמאָלן דאָס בילד פון אַ פרייליכער אונטערהאַלטונג אין דאָרף. (מען קען דייטלאך הערן די דאָרפישע מוזיקאַנטן מיט זייער זאָנדערבאַרן שפּילן און די טומלדיגע שטימונג וואָס הערשט צווישן עולם). פּלוצלונג הויבן זיך אָן באַוויזן סימנים פון דעם אָנקומענדן שטורעם און עס ווערט אונטערבראָכן די גאַנצע שמחה.

די פערטע אָפּטיילונג גיט אונז אַ עכט רעאַליסטישע פאָרשטעלונג פון דעם שטורעם. מען הערט, ווי ער דערנענטערט זיך אין דער באַגלייטונג פון דונערן און בליצן, דער ווינט ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און דער שטורעם ברעכט אויס מיט אַ מוראַדיגער קראַפט. נאָך די מיינונגען פון מוזיק קריטיקער, איז

בעטהאָווענען געלונגען ארויסצוברייגען דעם וואונדערבארסטן בילד פון א שטורעם וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין מוזיק.

דער שטורעם הערט ביסלאכווייז אויף, און די לעצטע אָבטיילונג, וואָס ווערט געשפּילט אָן אַן אונטערברעכונג, פירט צו א לוסטיגן געזאנג פון א פאַסטוך, וועלכער דריקט אויס זיין צופרידנהייט וואָס ער איז ניצול געוואָרן פון געפאר.

## סימפאָני נומער 9 (כאָראַל)

Symphony No. 9 (Choral)

בעטהאָווען אליין האָט ניט איבערגעלאָזן קיין דערקלערונג איבער דעם אינהאַלט פון דער סימפאָני. מוזיק קריטיקער און פאָרשער פון דעם קאָמפּאָזיטאָרס לעבן זיינען אין דער מיינונג, אַז די ניינטע סימפאָני איז א מוזיקאַלישער אויסדרוק פון זיין לעבנס פילאָזאָפי, און דער קינסטלער ריכארד וואגנער אנאַליזירט די סימפאָני ווי פאָלגט:

דער אריינפיר צו דער ערשטער אָבטיילונג שטעלט פאָר א קאמף צווישן דער נשמה וואָס בענקט נאָך פרייד געגן דער אונטערדריקונג פון יענער פיינדליכער מאכט וואָס שטייט צווישן אונז און דעם ערדישן גליק. דער דאָזיגער מעכטיגער שונא ווערט באַקעמפט מיט א נאָבעלער עקשנות און ענערגיע, וועלכע גייען איבער אין מיטן פון דער אָבטיילונג אין אַן אָפענער מלחמה. ווען עס אַנטוויקלט זיך, זעען מיר פאר זיך צוויי מעכטיגע קעמפער, וועלכע פארשווינדן נאכהער פון דער ארענע אומבאַזיגט. אין די צופעליגע פאסן ליכט וואָס רייסן זיך אריין, דערקענען מיר דעם זיסן שמייכל פון גליק וואָס שיינט אונז צו זוכן, נאָר אונזער שונא דערלאָזט אים ניט צוקומען צו אונז. אזוי פאלן מיר אריין אין פינסטערע מחשבות, פון וועלכע מיר ווערן אויפגעוועקט דורך א באַנייטן עקשנותדיגן קאמף געגן טייפל. די אטאקע און דער ווידערשטאַנד, די בענקעניש און האָפנונג, די כמעט דערגרייכונג און ענטוישונג און דער באַנייטער קאמף פאָרמירן די עלעמענטן פון אומרוהיקייט און אויפרייצונג, דורך וועלכע די אָבטיילונג איז כאַראַקטעריזירט. צום שלוס נעמט אָן די אומדיגע שטימונג גיגאנטישע פראָפּאָרציעס

און שפּרייט זיך אויס אין אַ פאַרזוך צו פאַרכאַפּן די וועלט, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פאַר פרייד און גליק פון די מענשן קינדער.

אין די ערשטע עטליכע ריטמס פון דער סקערצאָ כאַפּט אונז אַרום אַ ווילדע פרייד. מיר טרעטן אַריין אין אַ נייער וועלט, וואו מיר דרייען זיך אַרום צוטומלטע. מיר זוכן זיך צו באַפרייען פון זאָרג און שטרעבן מיט אַלע כוחות צו פאַרנעמען עפּעס אַ נייעם און אומבאַוואוסטן גליק. מיט דעם אָנקומען פון דער טריאָ געפינען מיר זיך אין מיטן פון אַ טומלדיגן צייט־פאַרטרייב, אָבער דאָס איז ניט דער ציל אין אונזער יאָגעניש נאָך אמתן פרייד און גליק. מיר קערן זיך אוועק פון דער סצענע און גיבן זיך נאָך אַמאָל איבער דעם אומרוהיגן אימפּולס וואָס טרייבט אונז צו שטרעבן און זוכן יענע אומדערגרייכבאַרע מתנה.

די אַדאַגיאָ אַפּעלירט שוין גאַנץ אַנדערש צו אונזער האַרץ. די טענער מאַכן ווייך און לייזן אויף די ווילדע בייבקעניש און זוכעניש פון דער פאַרצווייפלטער נשמה אין אַ רוהיגן געפיל פון מעלאַנכאָליע. זכרונות פון עפּעס אַ גליקליכער איבערלעבונג אין דער יוגנד דערוועקן זיך אין אונז צוזאַמען מיט אַ זיסער בייבקעניש נאָך ליבע. דאָס ווערט געענטפערט דורך דער שטימע פון האָפנונג. ליבע און האָפנונג שיינען זיך צו פאַראייניגן און זוכן צו געווינען זייער איינפלוס איבער אונזער שווער געמאַטערטן גדאַנק. די צוואַוייטאָגטע נשמה זוכט אונז אָבצואוועגדן פון זיי, אָבער זייער מאַכט איז שטאַרקער און מאַכט ווייך אונזער עקשנות. באַזיגט פון אונזערע געפילן זינקען מיר איין אין די אָרעמס פון די גראַציעזע שלוחים פון פרידן און ריינעם גליק. זכרונות פון דער פאַרגאַנגענהייט אַטאַקירן פון צייט צו צייט דעם גדאַנק און זוכן צו באַנייען דעם שמערץ, אָבער זייער איינפלוס ווערט פאַרטריבן דורך דער גליק ברייננגענדער קראַפט פון ליבע, אין וועמעס אַנוועזנהייט די שטורמדיגע וואָלקנס ווערן ענדליך פאַרשוואונדן.

מיט דער עפּענונג פון דער פערטער אָבטיילונג פאַלט דער גדאַנק ווידער אַריין אין אַ צושטאַנד פון מעלאַנכאָליע געמישט מיט פרייד. די אינסטרומענטן הויבן אָן צו שפּילן אַן איינפאַכע מעלאָדיע, וועלכע ווערט אין איר אַנטוויקלונג ווידער אונטער־

בראָכן פון די אומרוהיגע עלעמענטן. אין דעם טומל פון היציגע אויסרופן און ווילדע צאָרנדיגע געשרייען הערט מען פלוצלונג, ווי א מענשליכע שטימע רופט אויס: „ניט די טענער, פריינד, לאָמיר שפּילן עפּעס וואָס איז מער אָנגענעם, עפּעס פריילאכס!", און איבער דעם פינסטערן כאָאָס הויבן אָן צו שטראָמען ליכטיגע שטראַלן. א כאָר פון שטימען הויבט אָן צו זינגען שילער׳ס „אָדע צו פרייד": דאָס האַרץ ווערט איבערפילט מיט גליק, און אין דעם מאָמענט פון העכסטן עקסטאַז ווילן מיר ארומנעמען די גאַנצע מענשליכע ראַסע. מיר זיינען פאָלשטענדיג איבערצייגט, אז דער מענש איז געשאַפן געוואָרן פאר א גליקליכער עקזיסטענץ און דורך די געפילן פון אונזער אלגעמיינער ליבע פאַראייניגן מיר זיך ווידער אין דעם יובילירנדן כאָר:

„פרייד, אָ, שיינע געטער פונקען,
טאָכטער פון עליזעאום,
מיר באַטרעטן, היים באַטרונקען,
הימלישע, דיין הייליגטום!"

דיינע צויבער בינדן ווידער
וואָס דער מנהג האָט צושיידט;
אלע מענשן ווערן ברידער
וואו דיין צאַרטער פליגל וועהט.

## עגמאָנט אָווערטור

## Overture to "Coriolanus"

די מוזיק צו געטע׳ס „עגמאָנט" באַשטייט פון אַן אָווערטור, פיר ענטר־אַקטן, צוויי לידער און דריי שטיק אינצידענטל מוזיק. די דראַמע פאָלגט נאָך די היסטאָרישע פּאַסירונגען אין דעם לעבן פון פרייהייט׳ס קעמפער, גראַף עגמאָנט, וועלכער איז ארויסגע־טראָטן געגן פיליפּ דעם צווייטן און האָט, צוזאמען מיט וויליאַם פון אָראַנדזש, אָנגעפירט א ביטערע מלחמה אין די אינטערעסן פון פאָלק. דורך א פאַררעטערישער קאָנספּיראַציע פון דעם הערצאָג פון האַלוואַ האָט מען דעם העלד געכאַפּט און הינגעריכטעט.

די אָווערטור באַשטייט פון דריי אָבטיילונגען.

אין דער ערשטער אָבטיילונג ווערט ארויסגעבראכט די פיגור פון עגמאָנט אלס פאָלקס העלד, און עס שאפט די אידייע וועגן דער אנטשלאָסנקייט פון דעם מוטיגן קעמפּער צו באפרייען זיין פאָלק פון דעם שווערן יאָך.

די צווייטע אָבטיילונג שטעלט פאָר די יונגע, בראווע געליבטע זיינע, קלארא, און שילדערט איר שטארקע ליבע צו אים און איר מורא פאַר זיין לעבן.

די לעצטע אָבטיילונג איז א קורצע ווידערהאָלונג פון דער פריערדיגער און נאָכדעם א קאָדא, וועלכע בעטהאָווען האָט באַצייכנט מיט דעם נאָמען: „די סימפאָני פון נצחון".

## אָווערטור צו „קאָריאָלאַנוס"

Overture to "Corialanus"

די אָווערטור צו „קאָריאָלאנוס" איז פארפאסט געוואָרן אלס פאָרשפּיל צו דער טראגעדיע פון דעם דייטשן פאָעט היינריך קאָלין, וועלכע אילוסטרירט אן עפּיזאָד פון דער רוימישער געשיכטע — דעם רעוואָלט פון דעם פּאטריציער קאָריאָלאנוס געגן דער שטאָדט, די דרינגלאכע בקשות פון זיין מוטער, פרוי און קינדער, אז ער זאָל אויפגעבן דעם קאמף, זיין עקשנות און זיין טראגישער סוף.

די עפענונג פון דער אָווערטור כאראקטעריזירט די פערזאָן פון קאָריאָלאנוס, זיין וואונדערבארע קראפט, מוט און אומרוהיגע נאטור.

נאָכדעם קומט א טעמע, וואָס שטעלט פאָר דעם פרויען עלעמענט — גראציע, צארטקייט און ווייכהארציקייט.

צום שלוס איז א דראמאטישע און ליידנשאפטליכע קאָדא, וועלכע שילדערט ווי דער העלד באגעגנט דעם טויט דורך זיינע אייגענע הענט נאָך א שווערן אינערלאכן קאמף.

## לעאָנאָרא אָווערטור נומער 3

Leonora Overture No. 3

די לעאָנאָרא אָווערטור, וועלכע האָט דורכגעמאכט עטלאכע פארוואנדלונגען ביז זי האָט אָנגענומען די איצטיגע פאָרם, איז

געשאפן געוואָרן אַלס פאָרשפּיל צו דער איינציגער אָפּערא, וואָס בעטהאָווען האָט פארפאסט אונטער דעם נאָמען „פידעליאָ". די האנדלונג פון דער אָפּערא קומט פאָר אין א שפּאנישער תפיסה, וואו עס איז איינגעשפּאַרט א געוויסער איידעלמן פלאָרעסטאַן. זיין פרוי, לעאָנאָרא, פאַרשטעלט זיך אַלס יונגער מאַן מיט דעם נאָמען פידעליאָ, און עס געלינגט איר צו באַווייזן זיין אומשולד און אים באפרייען.

די לעאָנאָרא אָווערטור נומער 3, וועלכע ווערט דאָס רוב גע־שפּילט אויף די קאָנצערטן, זוכט אויסצודריקן די טרייע און איבער־געבענע ליבע צווישן לעאָנאָרא און פלאָרעסטאַן, זייערע ליידן און זייער ענדלאכן זיג, ווען פלאָרעסטאַן ווערט באפרייט און זיי פאַר־איינינגן זיך ווידער



## העקטאָר בערליאָז

באַרימטער פראנצויזישער קאָמפּאָזיטאָר, געבאָרן דעם 17טן דעצעמ־בער, 1803, אין לא קאָט, סט. אנדרע, געשטאָרבן דעם 8טן מערץ, 1869. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: סימפאָני „פאַנטאַסטיק", סימפאָני „האראָלד אין איטאליען", סימפאָני „ראָמעא און דזשוליעט", סימפאָני „פאַרשילטונג פון פאוסט", סימפאָני „פונעברע עט טריאמפאַלע", „רעק־

וויאום", „טע דעאום", אָוווערטור „לע פראנק דזשאזע", אָוווערטור „בענ־וועכוטא טשעליני", אָוווערטור „קאַרניוואל ראמיין" און אפערא „לע טראווענס".

## סימפאָני „פאַנטאַסטיק"

Symphony "Fantastique"

די סימפאָני פאנטאסטיק, וועלכע דער קאָמפּאָזיטאָר רופט אָן מיט דעם נאָמען „אַן עפּיזאָד אין דעם לעבן פון אַן ארטיסט", איז אין דער ווירקלאַכקייט די געשיכטע פון זיין אייגענעם ראָמאַן מיט דער איירישער אַקטריסע הענריעטא סמיטסאָן. בערליאָז אַליין גיט פאָלגנדן אנאַליז פון זיין סימפאָני:

### 1. שטימונגען און ליידנשאַפטן

אין דער ערשטער אָבטיילונג ווערט פאָרגעשטעלט א יונגער טאלאנטפולער מוזיקער, וועלכער איז פארליבט ביז משוגעת אין א פרוי פון אויסערגעוויינלאכער שיינקייט. ניט קענענדיג געווינען איר ליבע, ווערט ער פארצווייפלט און נעמט איין גיפט, אָבער די דאָזע וואָס ער טרינקט אויס, איז ניט גענוג אים צו טויטן און ער פארזינקט אין א שווערן לעטארגישן שלאָף מיט משונהדיגע חלומות. אין דער דאָזיגער לאגע ווערן זיינע געפילן און איינדרוקן פאר קערפערט אין מוזיקאלישע פיגורן. זיין ליבעס אידעאל נעמט אָן די פאָרמע פון א מעלאָדיע, וועלכע ער רופט אָן „אידייע פיקס", און די דאָזיגע מעלאָדיע שוועבט ארום צווישן דער מוזיק, פונקט ווי דאָס גייסטיגע בילד פון דער געליבטער פרוי פארפאָלגט דעם קינסטלער. פארזינקענדיג אין זיינע חלומות, טראכט ער צוערשט וועגן דעם אומרוהיגן און נערוועזן צושטאנד פון זיין געדאנק, דאַן וועגן די שטארקע געפילן פון בייַנקעניש נאָך עפּעס אומבאוואוס־טעס, שפּעטער וועגן דער ליבע וואָס ער האָט פּלוצלונג דערפילט צו דער פרוי, וועגן זיינע ליידן און אייפערזוכט, און צום סוף וועגן זיינע רעליגיעזע שטימונגען.

### 2. דער באָל

אין דער צווייטער אָבטיילונג געפינט זיך דער ארטיסט אויף א באָל, אָבער אויך דאָרטן, אין דעם פריילאכן טומל פון די טענץ

און געשפּרעכן, פאַרפּאָלגט אים די מעלאָדי, וואָס שטעלט פאָר דאָס בילד פון זיין געליבטער.

## 3. אַ סצענע אין פעלד

די דריטע אָבטיילונג טראָגט אונז איבער אין אַ רוהיגער אַטמאָספערע פון אַ דאָרף. דער פאַרליבטער וואַנדערט אַרום אין אַ שיינעם זומער אָוונט צווישן פעלדער און הערט זיך צו, ווי צוויי פּאַסטוכער רופן איינע די אַנדערע אויף פייפלאַך און זיי שפּילן ביידע צוזאַמען. דער פּאַסטוכער דועט, דער צויבער פון די אַרומיגע לאַנדשאַפטן און דער צאַרטער גערויש פון די בוימער ווירקן אויף אים באַרוהיגענד. דאָס בילד פון זיין געליבטער שווימט ווידער אַרויס און דערוועקט אין זיין צואַוויינטאָגטער נשמה אַ שטראַל פון האָפנונג. זיין האַרץ הערט אויף צו קלאַפּן פון גרויס פרייד און ער איז פול מיט שמערצלאַכער דערוואַרטונג. פּלוצלונג הויבט אָן איינער פון די פּאַסטוכער ווידער צו שפּילן, אָבער ער קריגט ניט קיין ענטפער... די זון גייט אונטער און פון ווייטן דערטראָגט זיך דאָס ברומען פון אַ דונער. דער פאַרצווייפלטער געליבטער פאַלט אַריין אין אַ מעלאַנכאָלישער שטימונג.

## 4. דער שפּאַציר צו דער הינריכטונג

אין דער פערטער אָבטיילונג ווערט געמאָלן, ווי דער קינסטלער פאַלט אַריין אין אַ שווערן שלאָף און ער ווערט געמאַטערט פון שרעקלאַכע האַלוצינאַציעס. אים דוכט זיך, אַז ער האָט דער־מאָרדעט זיין געליבטע און מען פירט אים צו דער הינריכטונג. דער מאַרש צו דעם עשאַפאָט הויבט זיך אָן מיט מורמלען פון תפילות, גלאָקען־קלאַנג און דעם רויש פון באַראַבאַנען. (די מוזיק איז אַזוי רעאַליסטיש, דאָס מען קען אפילו דייטלאַך הערן די גע־מאָסטענע טריט פון די סאָלדאַטן און פון דעם עולם וואָס באַגלייטן אים). צווישן די פאַרשיידענע קלאַנגען שווימט פּלוצלונג אַרויס די פאַטאַלע מעלאָדיע, אָבער זי ווערט גלייך איבערגעהאַקט דורך אַ שאַרפן קלאַפּ פון תּליון'ס האַק.

### 5. אַ טרוים אין אַ מכשפות שבת נאַכט

די לעצטע אָבטיילונג מאָלט דעם געליבטן, טרוימענדיג, אַז ער איז אַרומגערינגלט פון גייסטער, מכשפות און שרעקלאַכע מאָנ־סטערס, וואָס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אויף זיין לויה. ער הערט משונהדיגע קולות, געלעכטער און ווילדע אויסרופן. די באַליבטע מעלאָדי הערט זיך ווידער, אָבער זי טראָגט שוין ניט מער דעם איידעלן און באַשיידענעם כאַראַקטער ווי פריער. זי איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ וואולגאַרער טאַנץ מעלאָדיע. פון אַלע זייטן הערן זיך פריינדלאַכע אויסרופן און פריידנס געשרייען פון די מכשפות וואָס באַגריסן איר אָנקומען; און זי פאַראייניגט זיך מיט זיי אין אַ ווילדער דעמאָנישער אָרגיע.

## אָווערטור „לע פראַנק דזשאָזע"

Overture to "Les Francs Juges"

די „פראַנק דזשאָזע" זיינען געוועזן די ריכטער און די „לינ־טשינג" קאָמיטע פון דעם המון אין די אַלטע באַרבאַרישע צייטן, ווען די געזעצן זיינען געוועזן מאַכטלאָז. די באַפעלן פון די דאָזיגע ריכטער פלעגן ווערן אַרויסגעגעבן אין געהיים און דורכגעפירט ווערן אָן רחמנות. די באַשולדיגטע פלעגן שטענדיג באַשטראָפט ווערן מיט טויט.

דער אינהאַלט פון דער אָווערטור, וועלכע דער קאָמפּאָזיטאָר באַצייכנט מיט דעם נאָמען „הימן פון פאַרצווייפלונג", ווערט איבערגעגעבן ווי פאָלגט:

אַ באַשולדיגטער ווערט פאָרגעפירט פאַר די גרויזאַמע ריכטער. ער איז אַרומגערינגלט פון אַ שטאַרקער וואַך און די אויגן זיינען ביי אים פאַרבונדן מיט אַ באַנדאַזש. דער אומגליקליכער שטייט פאַר דעם שטרייגגען טריבונאַל מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, און ווען מען בינדט אים אָפּ די אויגן, כאַפּט אים אַרום אַ טויט שרעק פון דעם פינסטערן בילד. פילנדיג, דאָס ער לעבט איבער די לעצטע מינוטן, ציטערט ער מיטן גאַנצן קערפּער. דער באַשולדיגונגס אַקט פון די ריכטער ווערט אויסגעדריקט אין אַ מעכטיגן כאָר. דער געפאַנגענער אַפּעלירט נאָך מיטלייד, אָבער די האַרצלאָזע ריכטער

ווערן ניט גערירט. זיין אַפּיל ווערט אַלע מאָל אונטערבראָכן פון די דונערנדע אויסרופן פון כאָר. דער פאַראורטיילטער גיט אויף די האָפנונג באַגנאַדיגט צו ווערן און ברעכט צוזאַמען אין שרעקליכער פאַרצווייפלונג.

## אָווערטור צו „קאַרנאַוואַל ראָמיין"

Overture to Carnaval Romain

די דאָזיגע אָווערטור, וועלכע ווערט געשפּילט פאַר דעם צווייטן אַקט פון דער אָפּערא „בענווענוטאָ טשעליני", איז אַ מוזיקאַלישעם בילד פון רוים אין דער צייט פון אַ קאַרניוואַל, און איז פול מיט רוישיגע און לוסטיגע סצענעס וואָס קומען פאָר אין יענער צייט. נאָך דעם ערשטן אויסברוך פון פרייד, שפּילט דער ענגלישער האָרן און נאָך אים דער גאַנצער אָרקעסטער אַ טרוימערישע מעלאָדי, וועלכע שפּיגלט אָפּ די שיינע נאַטור פון דער זוניגער איטאַליען. דאַן הויבט זיך אָן אַ ווילד טומלדיגער טאַנץ, די „סאַלטערעלאָ". צום שלוס הערט זיך ווידער די מעלאָדי פון דעם אַריינפיר.

## סימפאָני „האַראָלד אין איטאַליען"

Symphony Harold en Italie

„האַראָלד אין איטאַליען" איז אַ מוזיקאַלישע שילדערונג פון לאָרד בייראָנ'ס „טשיילד העראָלד'ס פּילִיגרימידזש" און גיט איבער אין קורצן די געשיכטע פון העראָלד'ס איבערלעבונגען אין דער צייט פון זיין וואַנדערונג. דער אומרוהיגער, מעלאַנכאָליש גע־שטימטער העראָלד זעט פאַר זיך די נאַטור אין איר גראַנדיעזער, מאַיעסטעטישער פּראַכט, אָבער זי קען אים ניט צוריק אויפלעבן. ער באַגעגנט אויף זיין וועג אַ גרופּע שטאַרק גלויביגע און פריילאַך געשטימטע פּיליגרימען, וועלכע גייען ערגעץ תפילה טאָן צו אַ געוויסער הייליגטום, אָבער אויך די רעליגיאָן קען ניט באַרוהיגן זיין שווער געפּלאָגטען גייסט. גייענדיג ווייטער אויף זיין וואַנדער־וועג, הערט ער ווי אַ בארג־קלעטערער זינגט אַ סערענאַדע אונטער דעם פענסטער פון זיין געליבטער, אָבער אויך די איינפאַכע ליבעס סצענע האָט פאַר אים קיין צויבער. אין פאַרצווייפלונג שליסט

ער זיך אָן אָן א רויבער באנדע און נעמט אנטייל אין זייערע אָרגיעס. ער זינקט אַלץ טיפער און טיפער, און אַלע זיינע שענערע געדאנקען און געפילן ווערן פארלאָרן אין דעם ווירבל־שטראָם פון צולאָזנקייט און ווילדער אויפרעגונג.

די פיר אָבטיילונגען פון דער קאָמפּאָזיציע ווערן באצייכנט מיט פאָלגנדע אויפשריפטן:

1. האראָלד אין די בערג. סצענעס פון מעלאנכאָליע, גליק און פרייד.
2. מארש פון פּיליגרימס, וועלכע זינגען אן אָוונט תּפילה.
3. סערענאַדע פון א בארג־קלעטערער פון אברוזי צו זיין געליבטער.
4. אָרגיע פון בריגאנדס. דעראינערונגען פון פריערדיגע סצענעס.

די ערשטע אָבטיילונג באשטייט פון אן אדאגיאָ, וועלכע דריקט אויס הערלאָד'ס טרויער, בייזקעניש און מעלאנכאָלישע שטימונג, און פון אן „אַלעגראָ", וואָס באצייכנט דעם איבערגאנג פון מרה שחורה צו א פרייערער שטימונג.

אין דער צווייטער אָבטיילונג ווערט פאָרגעשטעלט די פּראָצעסיע פון פּיליגרימס. מיר הערן ווי זיי דערנענטערן זיך, גייען פארביי און פארשווינדן לאנגזאם. די מארש מעלאָדי ווערט אָפּט אונטערבראָכן דורך דעם שטילן מורמלען פון תּפילות. דער „העראָלד" מאָטיוו מישט זיך אריין דאָ און דאָרטען צווישן די אנדערע קלאנגען.

די דריטע אָבטיילונג הויבט זיך אָן מיט א קאָנצערט אין פּאסטוכער־סטיל און נאָך דעם פאָלגט די סערענאַדע פון דעם בארג איינוואוינער. דאן קומט ווידער דער קאָנצערט און צום שלוס דער מאָטיוו, וועלכער דריקט אויס הערלאָד'ס שטימונגס געפילן.

די לעצטע אָבטיילונג עפנט זיך מיט ווידערהאָלונגען פון די פריערדיגע טעמעס. די רוישיגע מאָטיוון פון דער „אַלעגראָ" ווערן אָפּט אונטערבראָכן דורך טיילן פון די טרויעריגע טענער פון דעם אריינפיר, פון דעם פּיליגרימען מארש, פון דעם בערג איינוואוינער'ס סערענאַדע און פון דער „האראָלד" מעלאָדי, און צום סוף ברעכט

זי אוים אין אַ שטורמדיגן, קראַכנדן מאָטיוו, וואָס שטעלט פאָר האַראָלד׳ס צוהיצטע אָרגיע צוזאַמען מיט די וואַגאַבונדן.

## סימפאָני „ראָמעאָ און דזשוליעט״

Romeo and Juliet

„ראָמעאָ און דזשוליעט״ איז אַ דראַמאַטישע סימפאָני נאָך שעקספיר׳ס טראַגעדיע און איז איינגעטיילט אין פינף סצענעס.

דער אַריינפיר שטעלט פאָר די קריגעריי׳ען פון די צוויי געגנערישע הייזער פון קאַפולעט און מאָנטאַן, און דאָס אַריינמישן זיך פון פרינץ.

די צווייטע סצענע שטעלט פאָר ראָמעאָ׳ס טרויער, די פרייליכע אונטערהאַלטונג אין דער הויז פון קאַפולעט און די טאַנץ מוזיק.

די דריטע סצענע שטעלט פאָר דעם שטילן און פאַרלאָזענעם גאָרטן, די פּראָצעסיע פון די יונגע קאַפולעטס, וואָס נעמען אָבשיד איינע פון די אַנדערע, זינגענדיג. ווען די טענער שטאַרבן ביסלאַכווייז אָפּ, שפּילט דער אָרקעסטער די באַלקאָן סצענע צווישן ראָמעאָ און דזשוליעט.

די פערטע סצענע גיט איבער מערקוטיאָ׳ס באַשרייבונג פון דער קעניגין מאַב, די צויבערין פון טרוימען, און זוכט צו מאָלן דאָס פליען אין דער לופטן פון מאַב און אירע מכשפות.

אין דער פינפטער סצענע ווערט געשילדערט די לויה פּראָצעסיע פון דזשוליעט, ראָמעאָ׳ס געבעט, דזשוליעט׳ס דערוואַכונג, די פאַרצווייפלונג און דעם טויט פון די געליבטע.



## געאָרג ביזע

בארימטער אידישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 25טן אָקטאָבער, 1838, אין פּאַריז; געשטאָרבען דעם 3טן יוני, 1875. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראס „קאַרמען", „פּערל פישערס" און „דזשאמילי". אָווערטור „פּאטרי", סוט „ראָמא" און סוט „ליארליזיען".

# פּאָרשפּיל און אינטערמעצאָ פון „קאַרמען"

Overture and Itermezzo to "Carmen"

די אָפּערא שילדערט, ווי א ציגיינער מיידל, קארמען, קאָקעטירט מיט א יונגן שפּאַנישן סאָלדאַט, דאָן דזשאָזע, וועלכער פארליבט זיך אין איר ביז משוגעת. אין אָנפאַנג ענטפערט זי זיין ליבע, אָבער נאַכהער ווערט זי פאַראינטערעסירט אין דעם טאָרעאַדאָר עסקאַמילאָ און ווערט אָבגעקילט צו איר געליבטן. דער לעצטער זוכט מיט אַלע מיטלען צוריק צו געווינען קארמענ׳ס ליבע און ווען זי שטויסט אים אָפּ, ווערט ער ווילד און דערשטעכט זי.

דער פּאָרשפּיל פון „קארמען" איז געבילדעט אויף עטלאַכע כאַראקטעריסטישע טעמעס פון דער אָפּערא. ער עפנט זיך מיט א מאַרש אויף דעם ריטם פון א שפּאַנישן נאַציאָנאַלן טאַנץ. די צווייטע טעמע איז דאָס ליד פון טאָרעאַדאָר און דאן קומט ווידער

דער טאַניץ, וועלכער ווערט פּלוצלונג אונטערבראָכן. נאָך אַ קורצער פּאַוזע פאָלגט די „אַנדאַנטע", וועלכע וואָרנט דעם צוהערער, אַז עס קומט קאַרמען'ס טראַגישער סוף.

די „אינטערמעצאָ" ווערט געשפּילט פאַר דעם פערטן אַקט און זי גרייט צו דעם עולם צו דער סצענע פון דעם אַקסן־קאַמף.

## סוט „ל'אַרליזיען" נומער 1

Suite No. 1 “L’Arliesienne”

דער סוט „ל'אַרליזיען" איז איינער פון די צוויי, וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט אָנגעשריבן אַלס אינצידענטל מוזיק צו אַלפאָנז דאָדע'ס דראַמע מיט דעמזעלבן נאָמען. די געשיכטע פון דער דראַמע איז אין קורצן ווי פאָלגט:

פרעדערי, אַ יונגער פּאַרמער, איז פאַרליבט ביז משוגעת אין אַ טענצערן פון אַרלעס. ער ווענדט אָן אַלע מיטלען זי צו פאַרגעסן, אָבער אָן ערפאָלג. דאָס מיידל וויוועט, מיט וועמען ער איז צו־זאַמען אויפגעוואַקסן, זוכט אים צו טרייסטן און שטימט איין צו ווערן זיין פרוי. ער מאַכט אָן אָנשטריינגונג צו זיין פריינדליך צו איר, אָבער יעדן מאָל ווען ער וויל זיין צערטליך צו וויוועט, דער־שיינט פאַר אים דאָס בילד פון דער טענצערן. געמאַטערט פון אייפערזוכט, האַס, ליבע און פאַרצווייפלונג, וואַרפט ער זיך אַרויס דורכן פענסטער און צוברעכט דעם שאַרבן. — אַלס אַ קאָנטראַסט צו דעם קומט פאַר דעמזעלבן אָוונט די ווידערפאַראייניגונג פון אַן עלטערער פּאָר, דעם פּאַסטוך באַלטאַזאַר און מוטער רענאוד, וועלכע האָבן זיך געליבט אין דער יוגנד, אָבער דער שיקזאַל האָט זיי צו־שיידט. אין דער דראַמע נעמט אויך אָן אַנטייל פרעדערי'ס אַ יונגער, האַלב צומישטער ברודער, ביי וועמען דער מאַרך הויבט אָן צו אַרבייטן נאָך דער קאַטאַסטראָפע.

אין דעם פאָרשפּיל האָט דער קאָמפּאָזיטאָר באַנוצט אַלס מוזיקאַלישע טעמע דעם אַלטן פראַנצויזישן „נאָעל" אָדער קריסט־מעס מאַרש. דער מאַרש אין זיין אָריגינעלער פאָרם שילדערט די לעגענדע, ווי דריי קעניגע האָבן געגרייזט צו יעזוסן, ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען, אום אוועקצולייגן פאַר זיינע פיס זייערע אוצרות.

די צווייטע אָבטיילונג פון דעם פּאָרשפּיל באַשטייט פון א טעמע, וועלכע כאַראַקטעריזירט פּרעדערי'ס ברודער, דעם תם, און דער פינאַל שילדערט פרעדערי'ס ליידן.

די צווייטע אָבטיילונג איז א „מינועט" מיט א פליוט סאָלאָ, וועלכע ברייננגט אַרויס די אידילישע ליבע צווישן באַלטאַזאַר און רענאוד.

די אדאגיעטאָ באַגלייט אין דער דראַמע די צוזאמענטרע־פונג פון די צוויי אַלטע געליבטע און זייערע געשפּרעכן.

די לעצטע אָבטיילונג שילדערט די טומלדיגע שטימונג אויף דער פאַרלאָבונג פון פרעדערי און וויוועט, דאָס ערשיינען פון דער אַלטער רענאוד און נאָכדעם א גלאָקן ענלאכע פיגור, וואָס באַ־צייכנט די ווידערפאַראייניגונג פון די אַלטע געליבטע.



# אלכסנדר באָראָדין

פּראָמינענטער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר, געבאָרן דעם 12טן נאָוועמבער, 1834, אין סט. פּעטערסבורג; געשטאָרבן דעם 28טן פעברואַר, 1877, זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראַס „פּרינץ איגאָר" און „מלאדאַ", סימפאָני אין „אי פלעט מיידזשאָר", סימפאָני אין „בי מיי־דזשאָר און סימפאָנישע סקיצע אין „די „מדבריות פון צענטראַל אַזיע".

## סימפאָנישע פּאָעמע „אין די מדבריות פון צענטראַל אזיע"

Symphonic Poem "Dans les Steppes de L'Asia Centrale"

דער פּראָגראַם פון דער דאָזיגער סימפאָנישער פּאָעמע, וואָס ווערט אָנגעגעבן פון דעם קאָמפּאָזיטאָר איבער דער מוזיק, איז ווי פאָלגט:

„איבער די ברייטע זאַמדיגע מדבריות פון צענטראַל אזיע צו־טראָגן זיך די קלאַנגען פון אַ פריילאַכער רוסישער ליד. פון ווייטן הילכן אָפּ די פוס־טריט פון פערד און קעמלען און עס הערט זיך דער זאָנדערבאַרער קלאַנג פון אַן אָריענטאַלישער מעלאָדי. אַ קאַראַוואַן פון קעמלען, אָנגעלאָדן מיט אַלערליי סחורות, דערנענ־טערט זיך, שניידט לאַנגזאַם דורך דעם וועג אונטער דעם שוץ פון רוסישע געווער, און שלעפּט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער. דאָס רוסישע ליד און די מעלאָדי פון די אזיאַטן פאַראייניגן זיך אין איין אַלגעמיינער האַרמאָני, און דער אָפּקלאַנג זייערער שטאַרבט לאַנג־זאַם אָפּ אין דער לופט פון דעם מדבר".



## יאָהאַנעס בראַמס

**איינער פון די פּראָמינענטסטע מוזיקער אין דער וועלט. געבאָרן דעם 7טן מיי, 1833, אין האַמבורג, דייטשלאַנד; געשטאָרבן דעם 3טן**

אַפּריל, 1897. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: 4 סימפאָניס, 2 סערע־נאַדעס, „טראַגיק" אָוועורטור, „אַקאַדעמיק" אָוועורטור, אונגאַרישע טענץ, ראַפּסאָדי, סאָנאַטאַ אין „עף מיינאָר", כאָראַלע „סט. אַנטאָני", טריאומף־ליד, שיקזאַל'ס ליד און דייטשע „רעקוויאום".

## „אַקאַדעמיק" אָוועורטור
### "Academic" Overture

יאָהאַן בראַמס ווערט באַטראַכט אַלס קאָמפּאָזיטאָר פון אַב־סאָלוטע מוזיק. ער האָט קיין פּראָגראַם ניט אָנגעגעבן פאַר זיינע ווערק, דאָך זיינען אַנדערע אין דער מיינונג, אַז אין געוויסע קאָמ־פּאָזיציעס זיינע איז יאָ דאָ אַ פּראָגראַמאַטישער אינהאַלט.

די „אַקאַדעמיק" אָוועורטור איז פאַרפאַסט געוואָרן אַלס אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט צו דעם ברעסלאַוער אוניווערסיטעט פאַר דעם טיטול דאָקטאָר פילאָזאָפי, מיט וועלכען דער קאָמפּאָזיטאָר איז באַערט געוואָרן. די אָוועורטור שפּיגלט אָפּ די פונקציעס פון אוניווערסיטעט לעבן און איז געבויט אויף טעמעס פון די באַרימטע דייטשע סטודענטן לידער.

## „טראַגיק" אָוועורטור
### "Tragic" Overture

די „טראַגיק" אָוועורטור האָט ניט קיין פּראָגראַם אויסער דעם נאָמען. די צוויי הויפּט טעמען, וועלכע דאָמינירן די גאַנצע אָוועור־טור, דריקן אויס, איינע אַ שטאַרק ליידנשאַפטליכן סענטימענט און עפּעס אַ מורא פאַר אַ ניט ערוואַרטעטער קאַטאַסטראָפע, און די צווייטע — שטראַלן פון האָפנונג. נאָך דער מיינונג פון מוזיק קריטיקער שטעלן די טעמען מיט זיך פאָר די צוויי קרעפטן וואָס ראַנגלען זיך אין דעם מענשנס נשמה.



## גוסטאוו שאַרפּענטיר

באַרימטער פראַנצויזישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרען דעם 25טן יוני, 1860, אין אַלזאַס־לאָריין. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראס „לואיזע", „אָרפּייאוס" און „דזשוליען", די סימפאָנישע דראמע „איבערלעבונגען פון אַ פּאָעט" און סוט „איינדרוקן פון איטאַליען".

## סוט „איינדרוקן פון איטאַליען"

Suite "Impressions of Italy"

דער אינהאַלט פון דער דאָזיגער קאָמפּאָזיציע, ווי ער ווערט אָנגעצייכנט איבער דער מוזיק, איז ווי פאָלגט:

אין דער ערשטער אָבטיילונג ווערט פאָרגעשטעלט אַ גרופּע יונגע לייט, זינגענדיג אונטער די פענסטער פון זייערע געליבטע פארשידענע לידער, וועלכע ווערן אַקאָמפּאַנירט פון גיטאַרעס און מאַנדאָלינס.

אין דער צווייטער אָבטיילונג ווערט איבערגעגעבן אַ פּראָצעסיע פון דאָרפס מיידלאַך, וועלכע גייען איינע נאָך די אַנדערע צו די וואַסערפאַלן וואָס געפינען זיך צווישן די בערג. פון צייט צו צייט

הערן זיך פריילאַכע לידער פון פּאַסטוכער, וואָס הילכן אָפּ פון צווישן די בערג.

די דריטע אָבטיילונג מאָלט אַ בילד, ווי מויל־עזלען באַוועגן זיך לנגזאַם נאָך די קלאַנגען פון זייערע אייגענע גלעקלאַך, און ווי יונגע מיידלאַך וואָס פאָרן צוריק אין דאָרף זיצן אין די וועגענער, זינגענדיג ליבעס לידער.

די פערטע אָבטיילונג שטעלט פאָר אַ בילד פון לעבן פון די מאָנאַכן אין אַן אָבגעזונדערט פּלאַץ נאָענט פון דער נאַטור. דער האָרן שאַפט די אילוזיע, דאָס מיר הערן ערגעץ גאַנץ ווייט די גלאָקן־קלאַנגען פון אַ מאָנאַסטיר; די פלייטן, קלאַרנעטן און האַרפעס גיבן איבער דאָס געזאַנג פון די פויגעלאַך, און די ווייאָלאַס און טשעלאָס — דעם ענטוזיאַזם פון פּאָעט. אין מיטען פון זייער שפּילן הערן זיך די קירכן גלאָקן.

די לעצטע אָבטיילונג איז אַ מוזיקאַלישעס בילד פון נעאַפּאָל. עס דוכט זיך, ווי מען הערט אַ געזאַנג וואָס דערטראָגט זיך פון גאַס, שטימען רופן און אַנדערע ענטפערן, עס שפּילן מיליטערישע אָרקעסטערס, גיטאַרעס צימבלען, טענצער טופּען מיט די פיס און דער ריטם פון טאַראַנטעלאָ טראָגט זיך אין דער לופט, וויגנדיג זיך פון איין גרופּע צו דער צווייטער.

## סימפאָנישע דראַמע „איבער־לעבונגען פון אַ פּאָעט”

La Vie du Poete

איבער דעם אינהאַלט פון דער דאָזיגער סימפאָנישער דראַמע ווערט געגעבן פאָלגנדע דערקלערונג:

אין אָנפאַנג טרוימט דער פּאָעט וועגן זיין יוגנד און עס שוועבן פאַרביי אין זיין זכרון אַלע פּאַסירונגען פון זיינע קינדער יאָרן. ביסלאַכווייז ווערט ער באַהערשט פון אַ וואַקסנדן ענטוזיאַזם און ער הויבט אָן צו פילן די האַרמאָנישע מוזיק פון דער אומגעבונג. דאַן פאָלגט צווייפל און ער ווערט באַפאַלן פון שרעקנס בילדער. ער ווערט אָבגעשוואַכט און ברעכט אויס אין אַ ווילדן צאָרן געגן שיקזאַל. צולעצט זוכט ער צו פאַרטויבן זיינע ליידן אין דער

בילינער פריילאַכקייט פון שטאָטישן לעבן. עס ווערט דאַן ארויס־געבראַכט אין דער מוזיק דער גאַנצער טומל פון א באָל, וואו דער פאַרצווייפלטער פּאָעט דערטרינקט זיין חרטה אין א פאַרשיכורע־דער אָרגיע.



פרעדריק קאָנווערז

באַוואוסטער אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 5טן יאנואר, 1871, אין ניוטאָן, מאסאטשוזעטס. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: פאַנטאַזיעס „דער מיסטישער טרומפּייטער", „די סעודה פון פאַן", סימ־פאָנישע פּאָעמע „ענדימיאָנ'ס דערציילונג" און די אָפּערא „פּייפּ אָוו דעזייר".

## ראָמאַנס „דער מיסטישער טרומפּייטער"

The Mistic Trumpeter

די דאָזיגע פאַנטאַזיע איז אינספּירירט געוואָרן פון וואָלט וויטמאַנ'ס פּאָעמע מיט דעמזעלבן נאָמען, און די מוזיק זוכט אויסצודריקן דעם עמאָציאָנעלן און פּאָעטישן אינהאַלט אירן.

„מיין אבזיכט איז געווען, — זאָגט דער קאָמפּאָזיטאָר — צו באַנוצן די גרונד טיילן פון דער פּאָעמע: מיסטעריע און רו, ליבע, מלחמה אָדער קאַמף, דערנידערונג און ענדליך פרייד. איך האָב דערפאַר איינגעטיילט די פּאָעמע אין פינף חלקים און מיין

מוזיק פאָלגט נאָך דעם דאָזיגן סדר. יעדע אָבטיילונג איז פאַר־איייניגט מיט די פריערדיגע דורך כאַראַקטעריסטישע פראַזן פון טרומפּייט".

די שטעלן פון וויטמאַנ'ס פּאָעמע, וואָס ווערן אויסגעדריקט אין דער דאָזיגער שטימונגס מוזיק, זיינען ווי פאָלגט:

1. מיסטעריע און רו

הערט! אַ ווילדער טרומפּייטער,
אַ זאָנדערבאַרער מוזיקער, שווימט אום
אומזיכטבאַר אין דער לופט,
און עס וויברירן דאָרט
קאַפּריזנע טענער היינט ביינאַכט.
איך הער, טרומפּייטער, דיך
און הערנדיג נעם איך די טענער אויף,
וואָס פליסן שנעל און דרייען זיך
דאָ שטורמיש אַרום מיר,
דאָ נידעריג און שטיל —
פאַרלאָרן אין דער וויטקייט שוין...

2. ליבע

בלאָז, טרומפּייטער, ווידער!
נעם פאַר זיך איצטער די טעמע,
וועלכע שליסט אין זיך איין אַלץ —
די ליבע, וועלכע איז פון אַלץ דער פּולס,
דער עיקר און דער שמערץ...

3. מלחמה אָדער קאַמף

בלאָז, טרומפּייטער, ווידער!
וועק דעם ווילדן ליאַרעם פון מלחמה;
נאָך דיין צויבער רוף וועט פאָלגן שנעל
דער באַראַבאַנען קלאַנג פון וויטן
ווי אַ דונער קראַך.
זעט! אָט איילן זיך שוין
די באַוואָפנטע אַרמייען...
זעט! עס פינקלען שוין די שפּיזן

צווישן וואָלקנס שטויב.
זעט! עס גלאַנצן דאָרט די שמוץ באַדעקטע
פּנימער פון די האַרמאַטן־שיסער.
כ׳זע די רויטע ליכט־שטראַלן דורך רויך
און הער דאָס קראַכן פון די ביקסן שוין.

4. דערנידערונג

אָ, טרומפּייטער! כ׳דיינק, איך בין אַליין
דער אינסטרומענט אויף וואָס דו שפּילסט!
דו מאַכסט צוגיין מיין האַרץ, מיין מאַרך —
דו יאָגסט, דו שלעפּסט און בייטסט זיי
נאָך דיין וואונש,
און דורך די טענער טרויעריגע דיינע
שיקסטו פינסטערניש אין מיר,
דו נעמסט אַוועק דאָס העלע ליכט,
די האָפנונג אין גאַנצן;
איך זע די אונטעריאָכטע,
די באַזיגטע און פאַרוואונדעטע,
די אונטערדריקטע פון דער גאַנצער ערד,
און פיל די גרויסע שאַנדע,
די דערנידערונג פון מיין נאַציאָן.

5. פרייד

איצט, טרומפּייטער, ביי דעם שלום,
דעם העכסטן טאָן פון אַלע שאַל אַרויס!
צו מיין נשמה זינג;
באַניי איר אויסגעצערטן גלויבן און בטחון,
הויב אויף ווידער מיין פאַרטרויען,
צייג מיר עפּעס אַ דערשיינונג פון דער צוקונפט
און באַוויליג מיר נבואה קראַפט און פרייד.

— — — — — — — — — — — —

„אָ, ענטציקענד, וואונדערבאַר און הימליש ליד!
אַ קראַפט פיל שטאַרקער ווי די ערד
באַזיצן דיינע טענער!

מארשן פון נצחון,
ס'איז באפרייט דער מענש פון שקלאפעריי,
ער האָט ענדליך געזיגט!
א לויב געזאנג צום אלגעמיינעם גאָט
פון אלגעמיינעם מענש!
פול מיט פרייד איז איבעראל,
א שטורמיש, וואקכאנאלישער געלעכטער,
אָנגעזאָפּט מיט פרייד!
ניטאָ מער קיין מלחמות, שמערצן, ליידן,
ריין פון שימל איז די ערד,
ס'איז קיין זאך פארבליבן אויסער פרייד!
פרייד אין פרייהייט, ליבע און פארערונג!
פרייד אין דעם עקסטאז פון לעבן!
ס'איז גענוג צו שלעפּן בלויז די עקזיסטענץ,
גענוג בלויז אָטעמען צו קענען!
פרייד און פרייד איז איבעראל!...



קלאָוד דעביוסי

באַרימטער פראַנצויזישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן אין סט. דזשער־
מיין־ען־לייע, דעם 22טן אויגוסט, 1862. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיי־

נען: די אפערא „פעלעאס און מעלעזאנדע״, פאָרשפּיל „נאָכמיטאָג שטונדן פון אַ פאון״, סימפאָנישע בילדער „דער ים״, „קינדער ווינקל״, 6 אריעטעס, 3 נאָקטורנס און אינצידענטל מוזיק צו „קעניג ליר״.

## פאָרשפּיל „נאָכמיטאָג שטונדן פון א פאַון״

Prelude "L'Apres-Midi d'un Faune"

דער געדאנק פאר דעם פאָרשפּיל איז גענומען געוואָרן פון מאלארם׳ס סימבאָלישע פּאָעמע מיט דעמזועלבן נאָמען, און דער גייסט וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין דער דאָזיגער פּאָעמע, ווערט איבערגעגעבן ווי פאָלגט:

„אַ פאון דערוואכט פארטאָג אין וואלד און ער שטרייַנגט זיך אָן צו דערמאָנען די דערפארונגען זיינע, וואָס ער האָט געהאט דעם נאָכמיטאָג פון פריערדיגען טאָג. — איז ער אין דער אמתן געווען אזוי גליקליך צו האָבן ביי זיך אָלס געסט ווייסע און גאָלד־האָריגע נימפעס, די צאַרטע און מילדע געטינס? ער איז ניט זיכער, אויב עס איז געווען אין דער אמתן אָדער די דעראינערונג איז ניט מער ווי א שאָטן פון א חלום. איין זאך ווייס ער באַ־שטימט, אז דאָס וואָס ער האָט געזען ביים טייך, ארויסשווימענדיג פון צווישן די בלעטער, זיינען געווען לעבעדיגע באשעפענישן. זיינען דאָס אפשר געווען שוואנען? ניין! אפשר גאָר שווימענ־דיגע נאַאידעס? מעגליך! אַלץ דונקעלער און דונקעלער ווערט ביי אים דער איינדרוק פון דער אנגענעמער איבערלעבונג וואָס ער האָט געהאט. וואָס וואָלט ער ניט אוועקגעגעבן איצט פאר דעם. ער וואָלט אפילו רעזיגנירט פון זיין אמט אָלס גאָט פון וואלד, ווען ער זאָל עס קענען צוריקהאלטן... א גאָרטן פון ליליעס! גאָלד־קעפּיגע ליליעס אויף ווייסע שטיינגלאָך הינטער דעם צאָם פון רויטע ראָזעס... אָ, די אָנשטרייַנגונג איז צו שווער פאר זיין אָרימן מארך. ווען ער זאָל אָבער געווען אויסקלייבן פון זיי איין ליליע, וואָלט די מילדע און צערטליכע נאָכגעבונג פון איר בעכערל צו זיינע דורשטיגע ליפּן פארטריבן די שווערע דעראינערונג.

די אנגענעמע שטונדע וואָס ער האָט איבערגעלעבט, ווערט אַלץ מער און מער פארדונקלט. איז עס געווען א דערפארונג אָדער

אַ טרוים ? ער וועט קיינמאָל ניט וויסן וואָס דאָס איז געווען... די זון ברענט, די גראָז איז ווייך. ער קאָרטשעט זיך צוזאַמען און טוט תפילה צו דעם שטערן פון ווין, אַז ער זאָל אים באַווילינן דעם אומבאַשטימטן עקסטאַז אין די רעאַלמס פון שלאָף".

## סוט „דריי נאָקטורנס"

Three Nocturnes

1. וואָלקנס.
2. פייערליכקייט.
3. סירענעס.

דער קאָמפּאָזיטאָר אַליין גיט איבער אין קורצן די באַדייטונג פון די דאָזיגע נאָקטורנס ווי פאָלגט:

די ערשטע נאָקטורן שטעלט מיט זיך פאָר דעם אומפאַרענדערליכן אויסזען פון הימל און די לאַנגזאַמע פייערלכע באַוועגונג פון די וואָלקנס, וועלכע לייזן זיך אויף אין גרויע און ווייסע קאָלירן

די צווייטע נאָקטורן דריקט אויס דעם אומרוהיגן, טאַנצענדן ריטם פון דער אַטמאָספערע מיט אַן אומערוואַרטעטן שטראָם פון ליכט שטראַלן. אַ צופעליגע פּראָצעסיע דערשיינט און גייט דורך, צוזאַמענמישנדיג זיך מיט דער לופטיגער פאַנטאַזיע. •

די דריטע נאָקטורן שטעלט פאָר דעם ים און זיינע אומציייליגע ריטמס. דאַן הערט זיך צווישן דעם רויש פון די כוואַליעס דער מיסטעריעזער געזאַנג פון די סירענעס, זייער מאָדנער געלעכטער און לאַנגזאַמע פאַרשווינדונג.



# אַנטאָן דוואָראַק

באַרימטער באָהעמישער קאָמפּאָזיטאָר און מוזיק־לערער. געבאָרן דעם 8טן סעפּטעמבער, 1841, אין מילהאוזען, געשטאָרבן דעם 1טן מאַי, 1904. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די „ניו וואָרלד", סימפאָני, די אָווערטורס „מיין היים", „הוסיטצקא", די טרילאָגיע „אין דער נאַטור, קאַרניוואַל און אָטהעלאָ", סימפאָנישע פּאָעמעס „וואלד טויב", „דעם גייסט'ס כלה", „סט. לודמילאַ", „רעקוויאום מעסס", „סטאבאט מאטער", סלאָווישע טענץ און סלאַווישע ראפּסאָדי, און „די הומאָרעסק".

## סימפאָני נומער 5 (די נייע וועלט)

Symphony No. 5 (The New World)

דער קאָמפּאָזיטאָר אַליין האָט ניט אָנגעגעבן קיין דערקלערונג וועגן דעם וואָס ער האָט געוואָלט באַצייכענען דורך זיין סימפאָני. זייענדיג דאָ אין לאַנד אַ געוויסע צייט האָט ער שטודירט די אַלטע אינדיאַנער און נעגערשע מעלאָדיען און געפונען אין זיי די מוזיק, וועלכע האָט, נאָך זיין מיינונג, אַמבעסטן אויסגעדריקט דעם גייסט פון אַמעריקאַנער פאָלק.

אין דער ערשטער אָבטיילונג פון דער סימפאָני האָט ער דערפאַר איינגעפלאָכטן אַ טייל פון דער באַוואוסטער ליד „סווינג לאָו,

סוויט טשאַריאַט". נעגער מעלאָדיען ווערן אויך באַנוצט אין די אַנדערע אָבטיילונגען פון דער סימפאָני.

די צווייטע און דריטע אָבטיילונגען זיינען, לויט דער מיינונג פון געוויסע מוזיקער, געשאַפן געוואָרן אונטער דעם איינפלוס פון לאָנגפעלאָו'ס „דאָס ליד פון הייוואַטאַ".

## אָווערטורס „נאַטור, קאַרניוואַל און אָטעלאָ"

## Overtures “Nature”, “Carnival” and “Othello”

די דריי אָווערטורס זיינען גרופּירט צוזאַמען דערפאַר, ווייל זיי זיינען געשאַפן געוואָרן אַלס אַ טרילאָגיע און האָבן געזאָלט געשפּילט ווערן צוזאַמען.

אין דעם ערשטן טייל, נאַטור, האָט דער קאָמפּאָזיטאָר געוואָלט איבערגעבן די עמאָציאָנעלע געפילן וועלכע דערוועקן זיך, ווען מען שפּאַצירט לאַנגזאַם דורך לאָנקעס און וועלדער אין אַ שטילן זומערדיגן פאַרנאַכט און די שאָטנס ווערן לייגנער ביז זיי פאַרלירן זיך אין דער פינסטערניש.

וועגן דעם קאַרניוואַל פאָרשפּיעל, זאָגט דער קאָמפּאָזיטאָר, דאָס ער שטעלט פאָר דעם איינזאַמען, פאַרטראַכטן וואַנדערער, וועלכער דערנענטערט זיך אין אָוונט צו דער שטאָט וואו עס קומט פאָר אַ קאַרניוואַל. אומעדום הערן זיך די קלאַנגען פון אינסטרומענטן, געמישט מיט פרייליכע אויסגעשרייען, און פון יענעם לוסטיגן געדרויש פון מענשן, וועלכע גיבן אַ פרייען אויס־דרוק צו זייערע געפילן אין זייערע לידער און טאַנץ מעלאָדיען.

אין דעם דריטן פאָרשפּיל האָט דער קאָמפּאָזיטאָר געזוכט אויסצודריקן געוויסע געפילן, וועלכע האָבן זיך אין אים דער־וועקט דורך די לעצטע סצענעס פון אָטעלאָ: דעזדעמאָנאַ'ס תפילה פאַרן שלאָפן גיין, איר שלאָף, איר שרעקליכע דערוואַכונג, און די אייפערזוכט און נקמה פון אָטעלאָ.

## אָרקעסטרעלע באַלאַדע „דער וואַסערמאַן"

## Orchestral Ballad “The Water-Fay”

די מוזיק פון דער באַלאַדע פאָלגט נאָך די לעגענדע פון דעם וואַסערמאַן, וועלכע לעזט זיך ווי פאָלגט

אין דעם בלאָסן שיין פון דער לבנה זיצט דער וואַסער־פּיי אויף אַ צווייג פון אַ טאָפּאָל ביים ברעג פון טייך און מאַכט זיך אַ ראָק פון גרינע און שיך פון רויטע פאַרב. ער זינגט לוסטיג ביי דער אַרבייט, ווייל מאָרגן איז דער טאָג פון זיין חתונה.

ווען עס הויבט אָן שפּראָצן דער פרימאָרגן קומט אַרויס זיין אויסדערוויילטער קרבן, די דאָרפס מיידל, וואַשן אירע קליידער אין טייך. זי ווערט געשטויסן פון אַן אימפּולס וועלכן זי קען ניט ווידערשטיין. זי פאַלט אַריין אין וואַסער און ווערט דער־טרונקען. דער וואַסערמאַן, וועלכער האַלט געפאַנגען די נשמות פון די דערטרונקענע, האָט מיט איר חתונה.

באַקלאָגנדיג איר אומגליקליכן מזל, גיסט די יונגע פרוי אויס איר ליידנשאַפטלאַכע בייענקעניש נאָך איר היים אין אַ וויג ליד צו איר ניי־געבאָרענעם קינד. דער וואַסערמאַן ווערט גערירט און באַוויליגט איר איין טאָג צו באַזוכן די אויבערשטע וועלט, פאַר־האַלטנדיג איר קינד אַלס משכון ביז זי וועט צוריקקומען.

ווען עס ענדיגט זיך די באַשטימטע צייט, ענטזאַגט זיך די מוטער אירע זי צו לאָזן גיין צוריק. אַ שרעקליכער שטורעם ברעכט אויס און עס דערהערט זיך פּלוצלונג אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר פון זייער הויז — ביים טיר ליגט דער קאָפּלאָזער קער־פּער פון איר קינד...

## אָרקעסטרעלע באַלאַדע „די מיטנטאָג מכשפה“

Orchestral Ballad “The Midday-Witch”

די מוזיק פון דער באַלאַדע האָט אַלס פּראָגראַם די פאָלגענדע לעגענדע:

אַ מוטער סטראַשעט איר וויינענדיגע קינד מיט דער מכשפה און רופט אויס: „קום, נעני, און נעם אַוועק דאָס קינד דערפאַר וואָס זי האַלט אין איין וויינען“. פּלוצלונג עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ צוזאַמענגעקאָרטשעטע אַלטע פרוי, אָנגע־שפּאַרט אויף אַ געבויגענעם שטעקן. „גיב מיר דאָס קינד“ — שרייט זי אויס. די צושראָקענע מוטער ווערט בלאַס און כאַפּט דאָס קינד אין אירע אָרעמס, אָבער די מכשפה דערנענטערט זיך ווי אַ שאָטן און שטרעקט אויס אירע הענד צום קינד. די מוטער

פאַלט באַוואוסטלאָז אויף דער ערד. ווען דער פאָטער קומט צוריק פון פעלד, געפינט ער זיין פרוי ליגנדיג אין חלשות און דאָס קינד אַ דערשטיקטע אין אירע אָרעמס.

## אָרקעסטרעלע באַלאַדע „דאָס גאָלדענע שפּינראָד"

Orchestral Ballad "The Golden Spinning Wheel"

די באַלאַדע האָט אַלס איר פּראָגראַם די פאָלגענדע לעגענדע:

דער קעניג באַזוכט אַ קליינע הויז אין וואַלד און דערזעט דאָרטן אַ יונגע מיידל. באַצויבערט פון איר שיינקייט, שלאָגט ער פאָר זי צו הייראַטן, אָבער זי ראַט אים צו רעדן וועגן דעם מיט איר שטיפמוטער. ווען דער קעניג ווענדעט זיך צו דער אַלטער, זוכט זי אים איינצורעדן אַז ער זאָל בעסער הייראַטן איר אייגענע טאָכטער, וועלכע איז ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענליך צו איר שטיפטאָכטער, אָבער דער קעניג שטימט ניט איין און ער באַפעלט זי צו ברייננגען צו אים אין פּאַלאַץ איר שטיפטאָכטער דעם צווייטן טאָג. די אַלטע באַשטימט אָבער אַז איר אייגענע טאָכטער זאָל הייראַטן דעם קעניג. צוזאַמען מיט איר טאָכטער טויטעט זי די שטיפטאָכטער און לאָזט איבער איר קערפּער אין וואַלד, מיטנעמענדיג אירע אויגן, הענד און פיס. דער קעניג, ניט האָבנדיג קיין חשד, הייראַט דאָס מיידל און נאָך אַ זיבן טאָגיגער סעודה גייט ער אוועק אין מלחמה, אָנזאָגנדיג זיין ווייב אַז זי זאָל פלייסיג שפּינען. אין יענער צייט דערשיינט אין וואַלד אַ קלוגער אַלטער מאַן, אַ מעכטיגער מכשף, און ער געפינט דעם קערפּער פון דער ערמאָרדעטער. ער שיקט דאַן אוועק אַ אינגל מיט אַ גאָלדענעם שפּינראָד אין פּאַלאַץ און פאַרזאָגט אים אַז ער זאָל דאָס פאַרקויפן צו דער קעניגין פאַר צוויי פיס. די יונגע קעניגין האָט שטאַרק חשק צו קריגן דאָס גאָלדענע שפּינראָד און באַצאָלט דעם פּרייז. אויף דעם זעלבן אופן קריגט דער מכשף אַרויס פון איר דער מיידל׳ס אויגן און הענד. דאַן פאַראייניגט ער די טיילן פון קערפּער, באַשפּריצט זיי מיט וואַסער פון לעבן און פאַרשווינט.

אין דריי וואָכן אַרום איז דער קעניג צוריקגעקומען זיגרייך

פון דער מלחמה און די קעניגין האָט אים געצייגט דאָס גאָלדענע שפּינראָד, אָבער ווי נאָר זי האָט אָנגעהויבן צו שפּינען אויף דעם, האָט דער פאַר׳כישופ׳טער ראָד אָנגעהויבן צו דערציילן די שוי־דערליכע געשיכטע. די קעניגין האָט אין טויט־שרעק געזוכט איינצושטילן דאָס רעדל, אָבער דער קעניג האָט זי שטריינג אָפּ־געהאַלטן דערפון. ער איז דאַן שנעל אַוועקגעריטן אין וואַלד, און נאָך אַ לאַנגן אַרומזוכן געפונען דאָס מיידל. ער האָט מיט איר חתונה געהאַט און זיי האָבן געלעבט גליקלאַך.

## סימפאָנישע פּאָעמע „די וואַלד טויב"

Symphonic Poem "The Wood Dove"

די סימפאָנישע פּאָעמע „די וואַלד־טויב" איז געבילדעט אויף אַ באַלאַדע פון דעם באָהעמישן פּאָעט ערבין, וועלכע האָט אַלס אינהאַלט די לעגענדע וואָס האָט אַמאָל צירקולירט, אַז אַלע די וואָס פירן אַ ריינעם און ערלאַכן לעבן דערשיינען נאָך זייער טויט ווידער אַלס ווייסע טויבן.

דעם קאָמפּאָזיטאָר׳ס פּראָגראַם, געדרוקט איבער זיין ווערק, אַנאַליזירט די מוזיק ווי פאָלגט:

1. אַ יונגע אַלמנה גייט נאָך וויינענדיג די לויה פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, וועלכען זי אַליין האָט פאַר׳סמ׳ט.

2. אַ לוסטיגער רייכער פּויער באַגעגנט זיך מיט דער אַלמנה, טרייסט זי און רעט זי איין זי זאָל חתונה האָבן מיט אים.

3. זי גיט נאָך זיין פאַרלאַנג און עס ווערט געפּראַוועט אַ פריילאַכע הייראַטס־צערעמאָניע.

4. פון אַ צווייג פון אַ דעמבענעם בוים, וועלכער וואַרפט זיין שאָטן איבער דעם קבר פון איר ערשטן מאַן, הערט זיך דאָס טרויעריגע וואָרקען פון אַ ווייסער טויב. די מעלאַנכאָלישע קלאַנ־גען שטעכן דורך דאָס האַרץ פון דער שלעכטער פרוי. אַרומגע־כאַפּט פון אַ פּאַנישער שרעק, ווערט זי משוגע און וואַרפט זיך אַריין אין דעם נאָענטן טייך.

5. דער עפּילאָג ענטהאַלט דעם מאָראַל פון דער געשיכטע.



# עדוואַרד עלגאַר

באַרימטער ענגלישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 2טן יוני, 1857, אין בראָדהיט. זיינע וויכטיגע ווערק זיינען: סימפאָני אין „איי פלעט", מאַרש „פּאָמפּ און אומשטענדן", אָווערטורס „קאקעינע", אין דער „סאוט" און „פרויסארט", די אראטאָריאס „חלום פון געראָנטיוס", „די אַפּאָסטלס" און „די קעניגרייך", די קאנטאטאָס „סצענעס פון קעניג אָלאַף'ס לעבן" און „קאראקטארוס", וואַריאַציעס אין דעם ציקל פון לידער „ים בילדער".

## קאָנצערט אָווערטור „קאָקעין"

Concert Overture “Cockaigne”

די דאָזיגע אָווערטור שטעלט פאָר א פּאַנאָראַמע פון לאָנדאָנער לעבן. לויט דעם קאָמפּאָזיטאָר'ס פּראָגראם ווערן אין דער מוזיק געשילדערט די סצענעס וואָס א פארליבטע פּאָרל באמערקט, גייענדיג אויף א נאָכמיטאָג שפּאַציר איבער דער שטאָט.

דער פאָרשפּיל עפנט זיך מיט א בילד פון גאס-לעבן. דאַן פאָלגט אַן אָפּטיילונג וואָס איז געווידמעט צו דער אונטערהאלטונג פון די געליבטע אליין, ווען זיי גייען אַריין אין פּאַרק און זעצן זיך אוועק אין אַן אָפּגעזונדערטן פּלאַץ. זייער ליבעס-געשפּרעך

ווערט אונטערבראָכן דורך ווילדע שפּיצלאָך פון די גאסן־יונגען. זיי פארלאָזן דעם פּארק און שטעלן זיך אָפּ הערן א מיליטערישן אָרקעסטער, וועמעס מוזיק דערטראָגט זיך פון וויטן, ווערט אַלץ דייטליכער און שטאַרבט לאַנגזאַם אָפּ. דאָן גייען זיי אריין אין א קירכע, וואו עס שפּילט דער אָרגאָן. אזוי ווי דער טומל פון גאַס דרינגט אריין אין דער קירכע איז די מוזיק פון א געמישטן כאַראַקטער, א וועלטליכן און רעליגיעזן. ארויסגייענדיג אין גאַס, געפינען זיי די פריהערדיגע דערפאַרונגען זייערע ווידערהאָלט און פאַרשטאַרקט.

## אָוועריטור „אין דער סאַוט"

## Overture "In the South"

די מוזיק פון דער אָווערטור באַצוועקט צו שילדערן דאָס פרייע און לוסטיגע לעבן אין א וואַרימען קלימאַט, וואו די רייכ־קייט פון דער נאַטור מאַכט צו פאַרגעסן די זכרונות פון דער פאַר־גאַנגענהייט.

פאָלגענדע שורות פון בייראָן'ס „טשיילד הערָאלד'ס פּיל־גרימיידזש" ווערן ציטירט איבער דער מוזיק

„א לאַנד וואָס איז געווען דאָס מעכטיגסטע אין די אַלטע צייטן

און איז דאָס אינטערעסאַנטעסטע...
וואו זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן
די מענער פון רוים.

— — — — — — — — — —

דו ביזט דער גאָרטן פון דער וועלט!"

גלייך נאָך דעם אריינפיר הערט מען אַן עפּיזאָד וואָס שאַפט די פאָרשטעלונג פון א פּאַסטוך וואָס טרייבט זיינע סטאַדעס און שפּילט אייגענע מעלאָדיען. ווען די מוזיק שטאַרבט לאַנגזאַם אָפּ הערט מען ווי די באַראַבאַנען און דאָבל בעסער הויבן אָן צודרינג־ליך צו קלאַפּן און עס פאָלגט א מעלאָדי וואָס זוכט ארויסצו־ברייגען דעם מעלאַנכאָלישן געפיל וואָס דערוועקט זיך ביי דעם מענשן ווען ער קומט אין א נאָענטער באַרירונג מיט דער נאַטור. נאָך דעם פאָלגט א צווייטע מעלאָדי פון דעמזעלבן צאַרטן כאַראַק־

טער, דאַן הערט זיך אַ שאַלן פון די טרומפּייטן, די מוזיק ווערט לעבעדיגער און עס פאָלגט אַ צווייטער עפּיזאָד, אין וועלכן דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געזוכט צו מאָלן די דאָמינירנדע מאַכט פון דער אַלטער שטאָט און געבן אַ בילד פון די קריגערייען און מלחמות וואָס זיינען דאָרטן פאָרגעקומען. ביסלאַכווייז הערט די מלחמה אויף און אַ קוריאָזער מאָטיוו זוכט פאַרצושטעלן די לאַנגזאַמע דערוואַכונג פון דעם חלום. מיר הערן ווידער דעם פּאַסטוך׳ס מעלאָדיע ווידערהאָלט פון פאַרשיידענע אינסטרומענטן און די אָווערטור ווערט דערפירט צו אַ פריילכן שלום.



# צעזאַר פריינק

באַוואוסטער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 10טן דעצעמבער, 1822, אין לידזש, בעלגיע; געשטאָרבן דעם 8טן נאָוועמבער, 1890. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: סימפאָני אין „די מיינאָר", די אָראַטאָריאָס „רות", „די ביוטיטודס" און „דערלויזונג", די ביבלישע אידיליע „רבקה" און די סימפאָנישע פּאָעמעס „די עאָלידן", „לע טשאַסיר מאודיט" און „לע דזשינס".

## סימפאָנישע פּאָעמע „די עאָלידן"

Symphonic Poem "Les Eolides"

דער קעניג עאָלוס איז פון די אַלטע גריכן באטראכט געוואָרן אַלס קאָמפּאַניאָן פון די געטער און הערשער איבער די ווינטן, און די עאָלידן זיינען עס געווען די זיבן טעכטער זיינע, וועלכע זיינען, לויט דער מיטאָלאָגיע, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטערן.

די מוזיק פון דער דאָזיגער סימפאָנישער פּאָעמע זוכט צו געבן אַן אויסדרוק צו די פאָלגנדע שורות פון לעקאָנט דע לילם פּאָעמע מיט דעמזעלבן נאָמען:

„אָ שוועבנדע, זיסע ווינטעלאך פון הימל, צאַרטער אָטעם פון
ליבן פרילינג,
וואָס צערטלט מיט קאַפּריזנע קושן די בערג און די לאָנקעס!
הייליגע יונגפרויען, טעכטער פון עאָלוס, ליבהאָבער פון פרידן,
די אייביגע נאַטור דערוואַכט פון אייער געזאַנג!"

## סימפאָנישע פּאָעמע „דער ווילדער יעגער"

Symphonic Poem "Le Chasseur Maudit"

די דאָזיגע סימפאָנישע פּאָעמע איז באַזירט אויף ביורגער'ס באַלאַדע מיט דעמזעלבן נאָמען, וואָס מאָלט דעם טראַגישן שיקזאַל פון דעם לעגענדאַרישן גראַף פון רהיין, וועלכער איז אום זונטיג אַרויס אויף יאַכט און איז דערפאַר באַשטראָפט געוואָרן, אַז ער זאָל אָן אַן אויפהער גאַלאָפּירן אויף זיין פערד, געטריבן פון די פלאַמען פון גיהנום און פון אַ מחנה טייוואָלים.

פאָלגנדע פּראָגראַם ווערט געגעבן פון דעם קאָמפּאָזיטאָר פאַר די פיר אָפּטיילונגען:

אין דער ערשטער אָפּטיילונג הערט מען דעם קלאַנג פון די קירכן־גלאָקן און דאָס ברומען פון געזאַנג און אין מיטן דעם האָרן־רוף פון דעם גראַף פון רהיין, וואָס מעלדעט דעם אָנהויב פון דער יאַכט.

אין דער צווייטער אָפּטיילונג איז די יאַכט אין פולן גאַנג און די פריילאַכע קאָמפּאַניע טראָגט זיך איבער קאָרן־פעלדער, וועלדער און לאָנקעס. אַ שטימע לאַדט איין דעם גראַף ער זאָל

זיך צוהערן צו דעם הייליגן געזאַנג, אָבער ער אַנטזאָגט זיך און טרייבט זיין פערד ווייטער.

אין דער דריטער אָפּטיילונג בלייבט דער גראַף איבער אַליין. זיין פערד קען זיך ניט רירן פון אָרט און זיין האָרן קען ניט אַרויסברייינגען קיין קלאַנג. אַ שטאַרקע מוזיקאַלישע טעמע גיט אַרויס די קללה: „הייליגטום פאַרשוועכער, אַן אויפהער זאָלסטו געטריבן ווערן פון דעם בייזן שטן!"

אין דער לעצטער אָפּטיילונג ברעכן אויס פייערדיגע פלאַמען, און דער גראַף, אַרומגעכאַפּט פון טויט־שרעק, יאָגט זיך ווילד אויף זיין פערד, נאָכגעפאָלגט פון מחנות טייוואָלים.

## סימפאָנישע פּאָעמע „לע דזשינס"

## Symphonic Poem "Les Djinns"

די „דזשינס" זיינען, לויט דער אַראַבישער מיטאָלאָגיע, איבערנאַטירליכע באַשעפענישן פון אַ בייזווייליגן כאַראַקטער, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן מיט צוויי טויזנד יאָהר פאַר אָדם'ען פון אַ רויכלאָזן פייער. זייער היים איז אין די קאַף בערג, וועלכע זיינען, לויט זייער גלויבן, דער גאַרטל פון דער וועלט. דאָך פלעגן זיי אַרומשוועבן אין יעדער פלאַץ, אין ים, יבשה און לופט. זיי האָבן געקענט אָננעמען לויט זייער וואונש יעדע מעגליכע פאָרם, אָבער זיי זיינען געווען מער גענייגט צו דערשיינען פאַר מענשן אין שטורם־ווינטן, זאַווערוכעס און שטויב־וואָלקנס.

די מוזיק פון דער דאָזיגער סימפאָנישער פּאָעמע איז געשריבן געוואָרען צו אילוסטרירן אַ טייל פון וויקטאָר הוגאָ'ס פּאָעמע מיט דעם נאָמען „די אָריענטאַלן", וועלכע איז אין פּראָזע ווי פאָלגט:

„אין די פלאַכע פעלדער איז אַ קלאַנג געבאָרן געוואָרן — עס איז דער אָטעם פון דער נאַכט. דער קלאַנג דערנענטערט זיך, ער ווערט שטאַרקער! הימל! עס איז דער גאַלאָפּ פון די „דזשינס", עס איז זייער קלאָג־ליד. הער זיך צו! געשרייען פון גיהנום! שטימען וואָס וויינען און וואָיען! זיי גייען אַוועק, אָבער די לופט קרעכצט ווידער. שטילקייט. אַלץ שטאַרבט אָפּ און דער רוים שלינגט איין דעם קלאַנג.

די מוזיק מאָלט דאָס אָנקומען, אָנוועזנהייט און פאַרשווינ־דונג פון די „דזשינס". די מורא'דיגע ארמיי פון וואַמפּירן און געפליגלטע שלאַנגען, געטריבן פון דעם צפון־ווינט, פילט אָן די לופט מיט דעמאָנישע געשרייען, זיפצן און ברומען, און גייט פאַרביי, זיך דרייענדיג און פייפנדיג, מאַכנדיג די בוימער צו ציטערן און פאַרניכטענדיג די שטאַרקסטע הייזלאַך.

## סוט „פּסיכעע"

Suite "Psyche"

דער דאָזיגער סוט איז באַזירט אויף דער מיטאָלאָגישער געשיכטע פון קופּידאָן און פּסיכעע („קיופּיד" און „סייקע" אין ענגליש), וועלכע איז אין קורצן ווי פאָלגט:

פּסיכעע, די טאָכטער פון אַ קעניג, איז געווען אַזוי שיין דאָס מען האָט זי פאַרגליכן צו ווענוס. די געטין האָט באַשטימט צו נעמען נקמה אָן איר און געשיקט איר זון קופּידאָן, אַז ער זאָל דורך זיינע ליבעס־פיילן דערוועקן אין איר אַ שטאַרקע ליידנשאַפט צו עפּעס אַ מאָנסטער. קופּידאָן איז אַוועקגעגאַנגען מיט דעם געדאַנק צו דערפילען זיין מוטער'ס שליחות, אָבער ווען ער האָט דערזען פּסיכעע שלאָפנדיג איז ער אַזוי איבעראַשט געוואָרן פון איר שיינקייט, אַז ער האָט זיך אַליין אין איר פאַרליבט. ער האָט דאַן געבעטן זיין פריינד דעם ווינד־גאָט זעפירוס און יענער האָט זי אַוועקגעטראָגן אויף זיינע פליגלען צו אַן איינזאַמען אינזל, וואו עס איז געשטאַנען אַ פּראַכטפולער פּאַלאַץ. יעדן אָוונט פלעגט קופּידאָן קומען אהין און זיך מיט איר אונטערהאַלטן. זיי האָבן ביידע געלעבט גליקליך, אָבער פּסיכעע'ן איז געווען פאַר־באָטן צו מאַכן אַ פאַרזוך אים אָנצוקוקן. אַ געוויסע נאַכט, ווען קופּידאָן איז שטאַרק געשלאָפן, האָט זיך אין איר דערוועקט אַ שטאַרקער חשק צו זען זיין פּנים, אָבער ווי נאָר זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן איז ער אַרויסגעפלויגן דורכ'ן פענסטער און איז מער ניט געקומען. זי איז איבערגעבליבן אַליין און האָט שטאַרק באַדויערט וואָס זי האָט מיט אירע אייגענע הענד צו־שטערט איר גליק. די געטין צערעס האָט אויף איר מיטלייד

געהאַט און זי געראַטען אַנצוקומען אַלס באַדינערין אין טעמפּל פון דער געטין ווענוס און זען צו געווינען איר פאַרגעבונג. זי האָט אַזוי געטאָן און די געטין האָט איר געגעבן פאַרשיידענע שווערע אויפגאַבן, וועלכע זי האָט דורכגעפירט מיט דער הילף פון איר אונזיכטבאַרן געליבטן. גייענדיג אַמאָל צוריק פון אַ געט־ליכער שליחות, איז זי אַ מידע איינגעשלאָפן אויפ'ן פרייען פעלד. קופּידאָן איז אַרונטערגעפלויגן און ניט קענענדיג מער פאַרטראָגן די שיידונג, האָט ער זי אויפגעוועקט מיט אַ קוש. די געליבטע זיינען ווידער געווען פאַראייניגט און די געטער האָבן ענדליך געגעבן זייער צושטימונג און ברכה צו זייער הייראַט.

דער פּאָעטישער אינהאַלט פון דער לעגענדע ווערט איבער־געגעבן אין דער מוזיק ווי פאָלגט:

1. פּסיכעס שלאָף.

אין דער דונקעלער מלוכה פון אירע חלומות ווערט איר גייסט איבערפילט מיט דערוואַרטונגען פון פולשטענדיגן גליק וואָס דער־נענטערט זיך צו איר.

2. פּסיכעע ווערט אַוועקגעטראָגן פון זעפירוס.

אין אָנהויב איז דאָ אַן אָנדייטונג פון דעם מילדן ווינטעלע, דאַן פאָלגט אַ טעמע וועלכע באַצוועקט צו כאַראַקטעריזירן פּסיכעע'ן אַליין, נאָכדעם קומט דער ליבעס־מאָטיוו פון דער ער־שטער אָפּטיילונג און דאַן ווידער די פּסיכעע־טעמע.

3. די גערטנער פון קופּידאָן.

די דאָזיגע אָפּטיילונג גיט איבער די פרייד פון פּסיכעע אין דער געזעלשאַפט פון איר אונזיכטבאַרן געליבטן.

4. פּסיכעע און קופּידאָן.

אין דער דאָזיגער אָפּטיילונג ווערן איבערגעגעבן די פאַרשיי־דענע פאַזן פון דער ליבע: אין אָנהויב שעמעדיג, דאַן דרייסטער, נאָכדעם דערגרייכט עס אַ ליידנשאַפטליכן עקסטאַז און שפּעטער ווערט עס אָפּגעקילט. דאַן קומען ווידער שטראָמען פון לײדנ־שאַפט און מאָמענטן פון עקסטאַז.



# אלכסנדר גלאַזונאָוו

איינער פון די גרעסטע רוסישע קאָמפּאָזיטאָרס. געבאָרן דעם 10טן אויגוסט, 1865, אין סט. פּעטערסבורג. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: סימפאָני אין „סי מיינאָר", סימפאָנישע בילדער „דער קרעמל", סוטס „אין מיטלאַלטער" און „סצענעס פון באַלעט", „קאַרניוואַל" אָווערטור און „טריאומפאַל" מאַרש.

## סימפאָנישע פּאָעמע „סטענקא ראזין"

Symphonic Poem "Stenka Razine"

סטענקא ראזין איז געווען א רויבער־אטאמאַן פון קאָזאקן אין דעם זיבעצענטן יאָרהונדערט. נאָך א טומלדיגן פּעריאָד פון רויב און פאַרניכטונג, איז ער ענדליך געכאפּט געוואָרן און מען האָט אים הינגעריכטעט אין מאָסקווע.

אין דער לעגענדע, וועלכע גלאַזונאָוו האָט אויסגעקליבן צו אילוסטרירן מיט זיין מוזיק, ווערט סטענקא ראזין פאָרגעשטעלט אלס העלד אין א געוויסן אינצידענט, וועלכער ווערט איבערגעגעבן ווי פאָלגט:

„שטיל און ברייט איז די וואָלגא. יאָרנלאַנג האָבן די איינוואוינער ארום דעם גרויסן טייך געלעבט רוהיג. פּלוצלונג איז

דאָרטן דערשינען דער שרעקליכער אטאמאן סטענקא ראזין מיט א גרויסער רויבער־באַנדע און אָנגעהויבן צו פּלינדערן און פארניכטן די שטעט און דערפער ארום די ברעגן פון טייך. זיין שיף איז געווען פּראכטפול באצירט, די זעגלען זיינען געווען פון זיידנס און די רודערס באדעקט מיט גאָלד. אין מיטן דער פּאלובע זיינען געווען אָנגעשטעלט פעסלאך מיט גאָלד און זילבער און לעבן זיי איז געזעסן די פערזישע פרינצעסין, ראזין׳ס געפאנגענע און גע־ליבטע.

א געוויסן טאָג האָט זיך דער פרינצעסין גע׳חלומ׳ט, אַז מען וועט סטענקא׳ן דערשיסן, די גאנצע באנדע וועט מען איינשפּאַרן אין פינסטערע גריבער און זי אליין וועט דערטרונקען ווערן אין די כוואליעס פון דער וואָלגא. דער חלום איז מקוים געוואָרן.

די מוזיק פון דער דאָזיגער פּאָעמע איז געבילדעט אויף דריי הויפּט־טעמעס, וואָס כאראקטעריזירן די דראמע. אין אָנהויב הערט מען א רוסישע פאָלקס־מעלאָדיע, אין וועלכער עס דריקט זיך אויס דאָס מעלאנכאָלישע געזאנג פון די שיפלאך־טרייבער אויף דער וואָלגא. די צווייטע טעמע, וועלכע איז מעכטיג און ברוטאל, מאָלט סטענקא ראזין אליין און זיינע ווילדע מעשים. דאן קומט א גראציעזע און ווייך־קלינגענדע מעלאָדיע וואָס כאראקטעריזירט די פרינצעסין.

## סימפאָנישעם בילד „דער קרעמעל״

### Symphonic Picture "The Kremlin"

די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע איז א באשרייבונג פון די סצענעס, פארבונדן אין דער פאָרשטעלונג פון קאָמפּאָזיטאָר מיט דער היס־טאָרישער פעסטונג אין מאָסקווע, וועלכע האָט געהייסן „דער קרעמעל״.

די דריי אָפּטיילונגען פון דער מוזיק זיינען ווי פאָלגט:

1. א פּאָפּולערער יום־טוב. די מוזיק וועלכע איז געבילדעט אויף רוסישע פאָלקס־לידער, שילדערט די סצענעס פון פרייליכער אונטערהאלטונג.

2. אין דעם מאָנאסטיר. אין אָנהויב הערן זיך מעלאָדיען

פון א רעליגיעזן כאַראַקטער, דאַן קומט אַן אָפּטיילונג פון טעמפּל־נעזאַנג וואָס טראָגט אַן אָריענטאַלישן קאָליר.

3. דאָס אַריינקומען פון פּרינץ און די צערעמאָניעלע אויפנאַמע וואָס דער עולם גיט אים.

## אָריענטאַלישע ראַפּסאָדי

Oriental Rhapsody

די פּראָגראַם פון דער ראַפּסאָדי, געדרוקט איבער דער מוזיק, גיט איבער דעם אינהאַלט ווי פאָלגט:

די ערשטע אָפּטיילונג עפנט זיך מיט א נאַכט־סצענע אין שטאָט און עס הערן זיך די אויסרופן פון די וועכטער. נאָך דעם הערט מען דאָס געזאַנג פון אַן אימפּראָוויזאַטאָר, וועלכע ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. ווען דאָס ענדיגט זיך הערט מען ווידער די אויסרופן פון די וועכטער און דאַן קומט א פריילאַכער טאַנץ־מאָטיוו. נאָכ׳ן טאַנץ הערט מען אַן אַלטן מאַן, זינגענדיג אין דער באַגלייטונג פון א האַרפּע. דער האָרן פון די וועכטער שאַלט ווידער. דאַן הערט מען א מאַרש וואָס אַנאָנסירט דאָס אָנקומען פון דער זיגרייכער אַרמיי, באַגלייט פון די אויסגעשרייען און אָוואַציעס פון עולם. צום סוף הויבט זיך אָן א לעבעדיגער טאַנץ וועלכער מישט זיך אוים מיט די פריידנס־געשרייען פון נצחון.

## סוט „פון מיטלאַלטער"

Suite "From the Middle Ages"

דער סוט „פון מיטלאַלטער" באַשטייט פון פיר אָפּטיילונגען און זייער אינהאַלט ווערט איבערגעגעבן ווי פאָלגט:

די ערשטע אָפּטיילונג זוכט צו שאַפן די פאָרשטעלונג פון א פּאַלאַץ ביים ברעג פון ים, וואו עס וואוינען צוויי געליבטע.

די צווייטע אָפּטיילונג שטעלט פאָר דעם טאַנץ פון טויט, אויפגעפירט אין א גאַסן־טעאַטער, וואו דער מלאך המות שפּילט אויף א פידל און לאַדט איין דעם עולם צו טאַנצן.

די דריטע אָפּטיילונג איז א סערענאַדע פון א טרובאַדור אונטער דעם פענסטער פון זיין געליבטער.

די פערטע אָפּטיילונג עפנט זיך מיט טרומפּייט-שאַלן, וועלכע רופן צוזאַמען די מיליטער. דאַן ווערט געשילדערט אַ פּראָצעסיע פון גייסטליכע, זינגענדיג און בענשענדיג די סאָלדאַטן. עס ענדיגט זיך מיט אַ קלימאַקס פון פאָלקס-ענטוזיאַזם.



## מיכאַעל גלינקא

באַוואוסטער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 7טן יוני, 1803 אין נאָוואָספּאַסקי; געשטאָרבן דעם 15טן פעברואַר 1857. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראַס „אַ לעבן פאַר'ן צאַר", „רוסלאַן און ליודמילאַ", די אָוועריטורס „דזשאָטאַ אַרגאַנעז" און „אַ נאַכט אין מאַדריד", און די פאַנטאַזיע „קאַמאַרינסקאַיאַ".

## אָוועריטור צו „לעבן פאַרן צאַר"

### Overture to "Life for the Czar"

די אָפּערא „לעבן פאַר'ן צאַר" איז געבילדעט אויף דער געשיכטע פון איוואַן סוסאַנין, וועלכער האָט מקריב געווען זיין לעבן צו ראַטעווען דעם רוסישן צאַר. עס איז פאָרגעקומען אין 17טן יאָרהונדערט ווען רוסלאַנד איז געווען באַלאַגערט פון פּאָליאַקן. אין דער צייט פון גרויסן קריזיס, ווען די פּאָליאַקן זיינען שוין געשטאַנען הינטער דער פעסטונג פון מאָסקווע, איז מיכאַאיל

פּיאָדראָוויץ געקרוינט געוואָרן אַלס צאַר. די פּוילישע קריגס־פירער האָבן געזוכט צו פאַנגען דעם ניי־געקרוינטן צאַר און זיי האָבן געצוואונגען אַ רוסישן פּויער, איוואַן סוסאַנין, זיי צו ווייזן וואו דער צאַר איז באַהאַלטן. סוסאַנין האָט כלומרשט צוגעזאָגט און האָט געפירט די פּוילישע אַרמיי דורך וועלדער און זומפּן ביז זיי זיינען געוואָרן אין גאַנצן אויסגעמאַטערט. ווען דער קאָמאַנדיר האָט זיך געכאַפּט אַז ער איז פאַרפירט געוואָרען, האָט סוסאַנין באַצאָלט מיט זיין לעבען פאַר זיין העלדישקייט.

די אָווערטור איז געבויט אויף טעמען פון דער אָפּערא.



# כריסטאָף וויליבאַרד גלאָק

איינער פון די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרס. געבאָרן דעם 2טן יולי, 1714, אין ווייידנוואַנג, באַוואַריע; געשטאָרבן דעם 15טן נאָוועמבער 1787. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראַס „אָרפייאוס", „אַלצעסטע", „אַרמידע", „איפיגעניא אין אאוליד" און „איפיגעניאַ אין טאוריד".

## אָווערטור צו „איפיגעניא אין אַאוליד"

## Overture to "Iphigenia in Aulis"

די געשיכטע פון דער אָפּערע איז באַזירט אויף דער פאָלגענדער לעגענדע פון דער גריכישערמיטאָלאָגיע:

דער הויפּט־פירער פון די ארמייען, אַגאַמעמנאָן, געפינט זיך מיט זיינע סאָלדאטן אין אאוליס, ווארטנדיג אויף א גינסטיגן ווינט, כדי צו קענען אָפּפאָרן נאָך טראָי. דער כהן־גדול, קאַל־טשאַס, צו וועלכן דער ארמיי־פירער ווענדט זיך, אז ער זאָל בעטן ביי די געטער, דערקלערט אים, דאָס די עלעמענטן וועלן נאָר דאַן זיין גנעדיג ווען ער וועט ברייננען זיין אינגסטע טאָכטער, איפי־געניא, אלס קרבן צו דער געטין דיאנא. אגאמעמנאָן איז אין גרויס פארצווייפלונג און עס קומט אין אים פאָר א קאַמף צווישן פליכט צו זיין פאָטערלאַנד און ליבע צו זיין קינד. אַקילעז, דער געליבטער פון איפיגעניא, איז שרעקליך אויפגעבראַכט און ער דערקלערט אז ער וועט טויטן יעדן איינעם וואָס וועט וואגן זי צו בארירן, אָבער ניט קוקנדיג אויף דעם ווערט איפיגעניא געפירט צו דעם הייליגען מזבח. אגאמעמנאָן אפּעלירט ליידנשאַפטליך פאַר זיין טאָכטער'ס לעבן, אָבער זיינע טרערן און געבעט האָבן קיין ווירקונג.

איפיגעניא ווערט אַוועקגעלייגט א געבונדענע אויפ'ן מזבח, אָבער אין דעם מאָמענט ווען דער כהן־גדול הויבט אויף זיין מעסער, גרייט צו געבן דעם פאטאַלן קלאַפּ, דערשיינט די געטין דיאנא אין א וואָלקן־שטורעם און טראָגט זי אַוועק.

דער קאָמפּאָזיטאָר און מוזיק־קריטיקער וואגנער גיט פאָלגנדן קורצן אַנאַליז איבער דעם אינהאַלט פון דער אָווערטור:

די ערשטע אָפּטיילונג איז אַן אַפּיל פאַר באַפרייאונג, די צווייטע שטעלט פאָר די שטאָלצע און פעסטע מיינונג פון אויטאָריטעט, די דריטע איז אַן אויסדרוק פון פרויען־צאַרטקייט און די פערטע — טיפע סימפּאַטיע.

## אָווערטור צו „איפיגעניא אין טאַאוריד"

Overture to "Iphigenia in Tauris"

די אָפּערא „איפיגעניא אין טאאוריד" איז א פאָרטזעצונג און שלוס צו „איפיגעניא אין אאוליד". די סצענע קומט פאָר אין טאַורים, וואו איפיגעניא איז אָנגעשטעלט פון דער געטין דיאנא אלס העכסטע פריסטין פון איר דאָרטיגן טעמפּל, און עס שילדערט אירע איבערלעבונגען.

די אָווערטור איז אַן אריינפיר צום ערשטן אקט פון דער אָפּערא און די מוזיק ווי עס ווערט באצייכנט פון דעם קאָמפּאָזיטאָר, מאָלט אַ שטילן, רוהיגן ים, דאַן אַ שרעקליכן שטורעם וואָס דערנענטערט זיך פון ווייטן, דאָס אָנקומען פון דעם שטורעם, רעגן און האָגל, און נאָכדעם ווי דער שטורעם הערט אויף.



קאַרל גאָלדמאַרק

באַרימטער אידישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 18טן מאי, 1830, אין קעשטשעלי, אונגאַרן; געשטאָרבן אין דעם יאָר 1905. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּערא „קעניגין פון שבא", די סימפאָניס „דאָרפּישע חתונה" און נומער 2 אין „אי פלעט", די אָווערטורס „סאקונטאלא", „אין פרילינג", „דער געבונדענער פראָמעטעאוס", „סאַפאָ", „אין איטאַליען" און „פּענטעזילעא" און די סקערצא אין „אי מיינאָר".

## סימפאָני „דאָרפּישע חתונה"

Symphony "Rustic Wedding"

די פינף אָפּטיילונגען פון דער סימפאָני האָבן די פאָלגנדע אויפשריפטן:

1. אַ חתונה־מאַרש.
2. די חתונה־ליד.

3. אַ סערענאַדע.
4. אין גאָרטן.
5. דער טאַנץ.

די ערשטע אָפּטיילונג ווערט דערקלערט דורך דעם אויפשריפט.

די צווייטע אָפּטיילונג איז אַ ליד וואָס ווערט געזונגען פון די פריינד פון דער גליקליכער יונגער פּאָר.

אין דער דריטער אָפּטיילונג הערט מען נאָך אַ קורצען פאָרשפּיל אַ דועט וואָס ווערט נאָכהער אנטוויקלט פון גאַנצן אָרקעסטער.

די פערטע אָפּטיילונג איז אַ ליבעס-סצענע. עס קומט פאָר אַן אינטימער געשפּרעך פון די געליבטע וועלכע דריקן אויס איינע צו די אנדערע פאַרזיכערונגען פון טרייהייט.

דער פינאַל איז אַ פריילאַכער און קאָמישער פּויערים-טאַנץ. פאַר אַ מאָמענט הערן מיר ווידער די גאָרטן-סצענע און דאַן פאָלגט אַ צווייטער טייל פון טאַנץ, וועלכער אנטוויקלט זיך אין אַ הימנעגליכן געזאַנג. די סימפאָני ענדיגט זיך אין אַ טומלדיגן קלימאַקס.

## אָוועערטור „סאַקונטאַלאַ"

### Overture "Sakuntala"

די מוזיק פון דער אָוועערטור „סאַקונטאַלאַ" אילוסטרירט די געשיכטע פון אינדישן פּאָעט און דראַמאַטורג קאַלידאַשאַ, וועלכע איז אין קורצן ווי פאָלגט:

סאַקונטאַלאַ, די טאָכטער פון אַ וואַסער-נימפע, איז דערצויגן געוואָרן פון אַ פּריסט אין אַ וואַלד און איז אַדאָפּטירט געוואָרן אַלס זיין טאָכטער.

שפּאַצירנדיג אַמאָל אין וואַלד, האָט דער קעניג דזשיאַנטע זי דערזען און זיך אין איר פאַרליבט. ער האָט מיט איר חתונה געהאַט און איר געגעבן אַ רינג, דורך וועלכן מען זאָל דערקענען אַז זי איז זיין פרוי ווען זי וועט קומען אין שטאָט.

אין דער צייט ווען דער קעניג איז פון איר אוועק, האָט א צווייטער פּריסט, צוליב אייפערזוכט און נקמה, באַרויבט דעם קעניג דורך א כישוף פון אַלע זיינע דעראינערונגען וועגן איר.

סאַקונטאַלאַ האָט, וואשנדיג אין טייך אירע קליידער, פאַר־לאָרן דעם רינג, און ווען זי איז נאָכדעם געקומען אין שטאָט און זיך פאָרגעשטעלט פאַר דעם קעניג, האָט ער זי ניט דערקענט און פאַרשטויסן.

איר מוטער, די נימפע, האָט זי געזוכט צו טרייסטען. דער רינג ווערט געפונען פון א פישערמאַן וועלכער טראָגט אים אוועק צום קעניג. דער אָנבליק פון רינג ברייננגט דעם קעניג צוריק זיינע דעראינערונגען וועגן סאַקונטאַלאַ. אָנפירנדיג א מלחמה געגען די בייזע גייסטער, געפינט ער ענדליך זיין געליבטע און זיי זיינען גליקליך פאַראייניגט.

## אָווערטור צו „פּענטעזילייא"

Overture to "Penthisilea"

די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע איז געשאַפן געוואָרן אַלס א פאָר־שפּיל צו די אינצידענטן אין דער דראַמע מיט דעמזעלבן נאָמען פון היינריך פאָן קלייסט. די געשיכטע, וועלכע איז ענטנומען פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע, איז אין קורצן ווי פאָלגט:

פּענטעזילייא, די טאָכטער פון מארס, וועלכע איז געווען באַ־רימט פאַר איר שיינקייט און העלדנטום, איז געווען די קעניגין פון די אמאזאָנס. זי האָט געהאָלפן דעם קעניג פּריאַם אין דער טראָיאַנער מלחמה און איז ארויסגעטראָטן געגן דעם העלד אַקילעז, אין וועלכן זי איז געווען פאַרליבט. נאָכדעם ווי אַקילעז האָט זי באַזיגט אין דער מלחמה און זי געטויטעט, איז ער געווען אַזוי גערירט פון איר שיינקייט, דאָס ער האָט פאַרגאָסן ביטערע טרערן פון חרטה, וואָס ער האָט זי מקריב געווען אַלס קרבן צו זיין צאָרן.

די עפענונגס טעמע שטעלט פאָר דעם מארש פון די אמאזאָנס צו דער שלאַכט, און דאַן פאָלגט די מוזיק נאָך דעם אינהאַלט פון דער געשיכטע.



# עדוואַרד גריג

באַרימטער נאָרוועגישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 15טן יוני, 1843 אין בוירגען; געשטאָרבן דעם 4טן סעפּטעמבער, 1907. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די סוטס „פּיר גינט", „אין האלבערג'ס צייט", און „סירגוד דזשאַר סאַלפאַר", די אָווערטור „אין הערבסט", 2 עלעגישע מעלאָדיען, נאָרוועגישער טאַנץ, סצענעס פון „אָלאַף טריגוואסאָן", קאָנצערטאָ אין „איי מיינאָר" און 2 פּיאנאָ און פידל סאָנאַטאַס.

## סוט „פּיר גינט" נומער 1

Suite "Peer Gynt" No. 1.

די 4 נומערן פון דעם סוט זיינען געשאַפן געוואָרן אלס אינצידענטל מוזיק צו הענריק איבסען'ס פאַנטאַסטישע דראמע מיט דעמזעלבן נאָמען, וועלכע איז געבויט אויף פאָלגענדער מעשה:

אַ נאָרוועגישער פּויער מיט דעם נאָמען פּיר גינט, דער זון פון אַן אָרימער פרוי אזע, טראָגט זיך ארום מיט פאַנטאַסטישע חלומות. ער טרוימט צו ווערן דער קעניג איבער דער גאַנצער וועלט. הערנדיג דאָס די שיינע אינגריד גייט חתונה האָבן, קומט

ער צו דער חתונה און רויבט אוועק די כלה. דעם צווייטן טאָג לאָזט ער זי איבער אַ פאַרצווייפלטע אין די בערג און לאָזט זיך אוועק וואַנדערן, ביז ער קומט צו צו דעם פּאַרצימער פון דעם קעניג פון די בערג, וואו ער ווערט באַפאַלן פון ערד גייסטער און שדים. אין לעצטן מאָמענט, ווען ער פילט, אַז עס קומט שוין זיין סוף, ווערט ער געראַטעוועט דורך דעם גלאָקן קלאַנג פון אַ קירכע וואָס דערטראָגט זיך פון ווייטן. דער גאַנצער פּאַלאַץ פון די גייסטער ברעכט צוזאַמען און די רוחות פאַרשווינדן. ער בויט דאַן אַ קליינע הייזל אין וואַלד און זיין יוגנד פריינדין סאָלוויי קומט צו אים אַריבער. וויינענדיג דערציילט זי אים, אַז זי האָט איבערגעלאָזן איר פאַמיליע, כדי צו טיילן מיט אים זיין גורל. ער באַרוהיגט זיך און פילט זיך אַ געוויסע צייט גליקליך, אָבער פּלוצלונג דערשיינען ווידער די ערד גייסטער און הויבן אים אָן צו מאַטערן. ער פאַרלאָזט דאַן זיין געליבטע און קערט זיך אום צוריק אַהיים. דאָרטן טרעפט ער זיין מוטער אויף דעם טויטן בעט און זי שטאַרבט אין זיינע אָרעמס. דאַן וואַנדערט ער אוועק נאָך אַפריקע, וואו ער לעבט דורך פילע ריזיקאַלישע פּאַסירונגען. אין אַ קאַמף מיט רויבער נעמט ער צו ביי זיי אַ פערד, אַ סך גאָלד און טייערע קליידער, און ער לאָזט זיך אוועק אין מדבר. דאָרטן באַגעגנט ער זיך מיט אַראַבער שטאַמען, פאַר וועלכע ער שפּילט די ראָליע פון אַ פּראָפעט. צווישן זיי טרעפט ער אַ זייער שיינע מיידל, אַניטראַ, די טאָכטער פון אַן אַראַבישן הויפּטלינג, און ער ווערט אַזוי שטאַרק באַצויבערט פון איר טאַנצן, דאָס ער גיט איר אוועק זיין גאַנצן פאַרמעגן און זיי אַנטלויפןביידע צוזאַמען. אין מיטן וועג האָט אַניטראַ חרטה און פאַרלאָזט אים. זיינע געדאַנקען פירן אים דאַן צוריק צו זיין פאַרלאָזענער געליבטער אין וואַלד און ער באַשטימט צוריק צו פאָרן צו זיין געבורטסלאַנד. נאָך פיל יאָרן פון שווערע איבערלעבונגען, נאָכדעם ווי די שיף אויף וועלכער ער פאָרט ווערט צושמעטערט פון אַ שטורעם נאָענט פון דעם נאָרוועגישן ברעג, קערט ער זיך אום צוריק צו זיין הייזקע אין וואַלד, וואו ער געפינט זיין טרייע סאָלוויי וואַרטנדיג אויף אים. מיד און ערשעפּט פון זיינע איבערלעבונגען, ברעכט פיר גינט צוזאַמען און שטאַרבט אין די צערטליכע אָרעמס פון זיין געליבטער.

### פרימאָרגן שטימונג.

דער ערשטער נומער שטעלט פאָר אַ פרימאָרגן אין די בערג און די טרוימען פון פּיר גינט, וועלכער באַטראַכט זיך אין זיין פאַנטאַזיע אַלס דער העכסטער מאָנאַרך פון דער וועלט.

### אַזע'ס טויט.

אין דעם נומער ווערט געמאָלן די איינזאַמע און פאַרגעסענע אַלטע מוטער, וועלכע איז פאַרלאָזן געוואָרן פון איר געליבטן זון. אין דעם טרויער מאַרש דריקט זיך אויס די העכסטע פאַרצווייפלונג פון אַ צובראָכענעם און אַנטוישטן לעבן, פון צושטערטע האָפנונגען און ניט אַנערקענטער מוטער ליבע.

### אַניטראַ'ס טאַנץ.

אַניטראַ, די טאָכטער פון אַ בעדואינער, טאַנצט פאַר דעם באַצויבערטן פּיר גינט.

### אין דעם פאָרצימער פון בערג קעניג.

דער משונהדיגער כאַראַקטער פון דעם דאָזיגן נומער דריקט אויס די אָרגיע פון די בערג־גייסטער און שדים וואָס דרייען זיך אַרום זייער צושראָקענעם קרבן.

דער אַריינפּיר שאַפט די פאָרשטעלונג וועגען מחנות גייסטער, וועלכע שווימען אַרויס פון צווישן די נאַכט שאָטנס און קומען זיך צוזאַמען אַרום אים. די מוזיק ווערט ביסלאַכווייז ראַשיגער און וואַקסט אויס אין אַ שרעקליכן שטורעם, איבער וועלכן עס הערן זיך שאַרף די גרילצענדע אויסגעשרייען פון די גייסטער וואָס מאַטערן זייער קרבן. דער לעצטער קראַך שטעלט פאָר די צו־שטערונג פון דעם גייסטער פּאַלאַץ דורך די גלאָקן קלאַנגען פון אַ קירכע וואָס דערטראָגן זיך פון ווייטן.

## סוט „פּיר גינט” נומער 2

### Suite “Peer Gynt” No. 2.

דער צווייטער סוט איז פון דעמזעלבן אַלגעמיינעם כאַראַק־טער. עס קומען נאָר צו די לעצטע סצענעס פון פּיר גינט'ס צוריק קומען אַהיים, דער שטורעם וואָס ברעכט אויס אויפן וועג און סאָלווייג'ס ליד.

### שטורעם.

אין דעם נומער ווערט געמאָלן דער אויסברוך פון שטורעם, די אויפרעגונג פון די כוואַליעס און דאָס וואָיען פון ווינט איבער די זעגלען פון דער הילפלאָזער שיף. דער שטורעם הערט בּיסלאַכ־ווייז אויף און עס ווערט ווידער רוהיג.

### סאָלוויי'ם ליד.

נאָכדעם קומט אַן אינסטרומענטאַלע איבערגעבונג פון זיין געליבטערס ליבעס ליד. אין דער מוזיק ווערט סימבאָליש אויס־געדריקט די אידייע, דאָס אירע הייסע תפילות דורך די שלאָפלאָזע נעכט און איר טרייע ליבע האָבן עס געדינט ווי אַ שוץ פאַר איר געליבטן און האָבן אים ענדלאַך צוריקגעבראַכט צו זיין געבורטס־לאַנד און צו זיין היים.



**הענרי ק. העדלי**

באַוואוסטער אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 20טן דע־צעמבער, 1871, אין סאָמערוויל, מאַסאַטשוזעטס. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די סימפאָניעס „יוגנד און לעבן", „די 4 סעזאָנען" און נומער 3 אין „בי מיינאָר", אָווערטור „העקטאָר און אנדראמאַרע", טאָן פּאָעם „סאַלאָמע" און די ראַפּסאָדי „קולפּריט פייע".

## סימפאָני נומער 2 (די 4 סעזאָנען)

Symphonic Poem No. 2 (The Four Seasons)

אין דער דאָזיגער סימפאָני ווערט געשילדערט דאָס נאַטור לעבן און די פיר צייטן פון יאָר.

די ערשטע אָבטיילונג מאָלט א בילד פון ווינטער מיט זיינע זאווערוכעס און שנייען. אין דער צווייטער ווערט געשילדערט דער פרילינג ווען אלץ אין דער נאַטור ווערט ווידער אויפגעלעבט און הויבט זיך אָן באוועגן. אין דער דריטער אָבטיילונג באשרייבט דער קאָמפּאָזיטאָר א זומער נאכט סצענע לעבן א טייך, ארומגערינגלט פון בערג, און א פרייליכע אונטערהאלטונג אין א לאגער פון אינדיאַנער. אין דעם פינאַל גיט ער אָן אָנדייטונג אויף פאלנדיגע בלעטער אין הערבסט, און די סימפאָני שליסט זיך מיט די מיסטעריעזע אקאָרדן פון דער עפענונג.

## סימפאָנישע פּאָעמע „יוגנד און לעבן"

Symphonic Poem "Youth and Life"

די ערשטע אָבטיילונג שטעלט מיט זיך פאָר דעם קאמף וואָס קומט פאָר אין דער נשמה צווישן גוטע און שלעכטע מאָטיוון. די בעסערע כוחות טריאומפירן.

די צווייטע אָבטיילונג דריקט אוים צווייפל און יאוש, חרטה און טיפע גייסטיגע ליידן. דער קלימאַקס פון דעם דאָזיגן געפיל איז א שטורם צו זעלבסטמאָרד, אָבער חרטה נעמט די אויבערהאנט.

די סקערצאָ דריקט אוים א פרייליכקייט, וועלכע כאראקטעריזירט די שטיפערישע שטימונג פון דער יוגנד.

דער פינאל ברענגט ארוים די מאָטיוון פון אמביציע און העלדנטום מיט מאָמענטן פון ליבע.

## טאָן פּאָעמע „סאלאָמע"

Tone Poem "Salome"

די טאָן פּאָעמע „סאלאָמע" איז באזירט אויף אָסקאר ווײַלד'ס טראגעדיע מיט דעמזעלבינן נאָמען. די פּראָגראַם, געדרוקט איבער דער מוזיק, איז ווי פאָלגט:

אַ לבנה נאַכט. ביי דעם אַריינגאַנג פון קעניג העראָד׳ס פּאַלאַץ שטייט אַ וואַך פון סאָלדאַטן און אינווייניג קומט פאָר אַ גרויסע הוליאַנקע. סאַלאָמע פאַרלאָזט דעם קעניגליכן טיש און קומט אַרויס זיך אָבקילן. זי דערהערט די שטימע פון יוחנן, וועלכער שרייט אַרויס פון דער טיפער גרוב וואו ער ליגט פאַרשפאַרט, און עס דערוועקט זיך אין איר אַ פאַרלאַנג אים צו זען. זי ווירקט אויף דעם וואַכמייסטער, דאָס מען זאָל אים אַרויסברייגנען. ווען זי דערזעט אים, פאַלט זי אַלס קרבן פון ליידנשאַפט צו אים, אָבער יוחנן שטויסט זי צוריק און פאַרדאַמט זי אַלס די טאָכטער פון אַ זינדיגער פרוי. ער ווערט צוריקגעפירט אין זיין תפיסה. דער קעניג קומט אַרויס אין דעם מאָמענט און בעט זיך ביי סאַלאָמע, דאָס זי זאָל מיט אים טרינקען און פאַרברייגנען, אָבער זי אַנטזאַגט זיך. ער זאָגט איר צו צו דערפילן יעדע זאַך וואָס זי וועט פון אים פאַרלאַנגען, אויב זי וועט טאַנצן פאַר אים. זי שטימט ענדליך איין. נאָכדעם ווי זי טאַנצט פאַר אים דעם טאַנץ מיט די זיבן שלייערס, פאַרלאַנגט זי, דאָס מען זאָל איר ברייגנען יוחנן׳ס קאָפּ אויף אַ טאַץ. דער קעניג זוכט זי אָבצורייידן פון דעם, אָבער זי פאָדערט, דאָס ער זאָל האַלטן זיין צוזאָג און ער איז געצוואונגען נאָכצוגעבן. ווען מען ברייגגט יוחנן׳ס קאָפּ, הויבט אים אָן סאַלאָמע צו קושן און זי רעדט צו אים ווערטער פון ליבע. דער קעניג ווערט שטאַרק אין כעס און באַפעלט זי צו טויטן. זיין באַפעל ווערט דערפילט.

די מוזיק הויבט זיך אָן מיט אַ בשרייבונג פון דער לבנה נאַכט סצענע און פאָלגט נאָך דעם אינהאַלט פון דער געשיכטע. די טעמעס און מאָטיוון זוכן אויסצודריקן סאַלאָמעס פאַרלאַנג, איר אויסדרוק פון ליבע, יוחנן׳ס פאַרדאַמונג, העראָד׳ס געבעט און איר צושטימונג, די רעדע פון סאַלאָמע צו יוחנן׳ס קאָפּ און איר טראַגישן טויט.



# געאָרג פרידריך הענדל

איינער פון די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרס אין דער וועלט. געבאָרן אין האללע, דייטשלאַנד, דעם 23טן פעברואר, 1685; געשטאָרבן דעם 14טן אַפּריל, 1759. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָראַטאָריאָס „שמשון", „משיח", „שאול", „ישראל אין מצרים", „יהודה המכבי,", די „וואסער מוזיק", „אצים און גאלאַטעא", „צדוק דער פריסט", „טעדעאום" און „דער האַרמאָנישער שמיד".

## לאַרגאָ

**Largo**

די „לאַרגאָ" איז פון האנדל'ס אָפּערא "קסערקס" און ווערט געזונגען אַלס אַריע.

די ווערטער פון אָריגינאַל, וועלכע האָבן אינספּירירט דעם קאָמפּאָזיטאָר ווען ער האָט געשאַפן די מעלאָדיע, זיינען ווי פאָלגט:

„אַ פריינדליכעס הארץ וועט זיין דאנקבאר און ליבן דעם וואָס טוט דעם מענשן גוטס, עס וועט פארקוקן יענעמס פעלערן, עס וועט מאכן צו פילן פרידליך און פריילאך אין דעם שטראָם פון לעבן, עס וועט פארשאפן פארגעניגן צו אַנדערע און פארמערן ארום זיך ריינע ליבע און גליק, ענערגי און טעטיקייט".



# יאָזעף היידען

איינער פון די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרס. געבאָרן דעם 1טן אַפּריל, 1732, אין ראָהראַן; געשטאָרבען דעם 31טען מאי, 1809. זיינע וויכ־טיגסטע ווערק זיינען: 13 פון זיינע 157 סימפאָניס, די אָראַטאָריאָס „וועלט באַשאַפונג" און „די סעזאָנען", דער „סאַלאָמאָן קוואַרטעט" און דער „אימפּעראַטאָר הימן".

## אָווערטור „די וועלט באַשאַפונג"

Overture “The Creation”

היידן האָט פאַרפאַסט אַ גרויסע צאָל מוזיקאַלישע קאָמפּאָ־זיציעס און די מערסטע פון זיי האָבן ניט קיין אויסגעשפּראָכענעם פּראָגראַמאַטישן כאַראַקטער. אין די צוויי, וואָס ווערן דאָ גע־בראַכט, איז דאָ אַן אָנדייטונג אויף אַ פּראָגראַם.

„די וועלט באַשאַפונג" הויבט זיך אָן מיט אַן אַריינפיר, וואָס שטעלט פאָר כאָאָס. אויסער די צאָלרייכע שטעלן, וואָס גיבן איבער די עמאָציאָנעלע אויסדרוקן, האָבן מיר אין דער קאָמפּאָזיציע אַ פאָרשטעלונג פון ליכט באַשאַפונג (יהי אור), פון מחנות שווארצע גייסטער, פון בליצן, דונערן, רעגן און ווינט; פון דעם רוישנדן ים, שטראָמענדן טייך און פליסנדן קוואַל; פון ברומענדן לייב, פון טיגער און אַנדערע חיות און בהמות; פון שוועבנדן אָדלער, פון דער טויב; פון געזאַנג פון נאַכטיגאַל, פלעשטשען פון פישן, זשומען פון פליגן, הוזשען פון שלאַנגען א. ד. ג.

# אָווערטור „די סעזאָנען"

## Overture "The Seasons"

די פיר אָבטיילונגען פון דער קאָמפּאָזיציע ווערן באַצייכנט מיט פאָלגנדע אויפשריפטן:

1. איבערגאַנג פון ווינטער צום פרילינג.
2. פרימאָרגן.
3. די פריילאַכע שטימונגען פון די פויערים ביים רייכן שניט.
4. דער דיקער נעבל מיט וועלכן עס הויבט זיך אָן דער ווינטער.

אין דעם אריינפיר צו דער ערשטער אָבטיילונג ווערט געמאָלן א בילד פון דעם ווינטער מיט די שטורעם ווינטן און זאַווערוכעס. דאָן הערן מיר די שטראָמען פון צוגאַנגענעם שניי, די ווארימע פרילינג ווינטן, דעם גערויש פון די געפליגלטע עופות, דאָס צוויטשערן פון די פויגעלאַך, דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס, דאָס זשומען פון די בינען, בילן פון הינט, הוזשעריי פון שפינדל, דאָס שפּילן פון דעם פּאַסטוכס פייפל, דאָס שאַלן פון יאַכט האָרן, דאָס אַנטלויפן פון הירש און די געיעג פון מענשן, פערד און הינט.



**ענגעלבערט הומפערדינק**

באַוואוסטער דייטשער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 1טן סעפּטעמבער, אין זיגבורג, געשטאָרבן אין דעם יאָר 1921. זיינע וויכטיגסטע ווערק

זיינען: די אָפּעראַס „האנזל און גרעטל” און „דעם קעניגס קינדער”, „די מורישע ראפּסאָדי” און אַ „הומאָרעסק” פאַר אָרקעסטער.

## פאָרשפּיל צו „האַנזל און גרעטל”

Prelude to "Hansel and Gretel"

דער דאָזיגער פאָרשפּיל, וועלכער איז אַ באַליבטער נומער אויף די קאָנצערט פּראָגראַמס, פאָלגט נאָך דעם אינהאַלט פון דער פאַנטאַסטישער אָפּערע, וואָס שילדערט די וואונדער פּאַסירונגען פון די קינדער האנזל און גרעטל, וועלכע זיינען פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין וואַלד, די דערשיינונג פון די 14 מלאָכים, זייער דער־וואכונג, זייער געפאַנגענשאַפט ביי דער מכשפה, זייער באַפרייאונג און די פריילאַכע צוזאמענטרעפונג מיט זייערע עלטערן.

## מורישע ראַפּסאָדי

Moorish Rhapsody

די מורישע ראפּסאָדי באַשטייט פון דריי אָבטיילונגען. די ערשטע אָבטיילונג, אַן עלעגיע ביים זונען אויפגאַנג, שטעלט פאָר א פאסטוכס קלאָג ליד איבער דעם אונטערגאַנג פון מורישן פאָלק. די צווייטע אָבטיילונג שטעלט פאָר א סצענע אין אַ קאַפע־הויז אין טאַנזשיר, וואו אַן אַלטער זינגער שילדערט די אַמאָליגע גרויסקייט פון סעוויל און גראַנאַדע און די גבורות פון די העלדן. אין דער דריטער אָבטיילונג ווערט געמאָלן אַ רייזע דורך דעם מדבר איבער אַן אַלטן שלאַכטפעלד מיט אַ בילד פון דעם גן־עדן וואָס שיינט אָפּ אין דעם האָריזאָנט.



## ווינצענט ד' אינדי

איינער פון די גרעסטע פראַנצויזישע קאָמפּאָזיטאָרס. געבאָרן דעם 27טן מערץ, 1851, אין פּאַריז. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די „פּיקאָלאָמיני אָוועדטור", די טרילאָגיע „וועלנשטיינ'ס קעמפּ", די 1טע סימפאָני, די סימפאָנישע וואַריאַציעס „איסטאר", די סימפאָנישע פּאָעמע „דער פאַר'כישופ'טער וואַלד" און די אָוועדטור „אנטאָני און קלעאָפּאַטראַ".

## סימפאָנישע פּאָעמע „דער פארכישופטער וואַלד"

Symphonic Poem "The Enchanted Forest"

די דאָזיגע סימפאָנישע פּאָעמע איז באַזירט אויף אולאַנד'ס באַלאַדע מיט דעם נאָמען „האראַלד". די פּראָגראַם, וועלכע ווערט אָנגעגעבן איבער דער מוזיק, דערקלערט גענוי איר אינהאַלט.

הארַאלד פאָרט רייטנדיג דורכן וואַלד אין פראָנט פון זיינע מלחמה העלדן, וועלכע זינגען פריילאַכע לידער. פּלוצלונג דער־שיינט א מחנה פייעס. הארַאלד ווערט באַצויבערט פון דער אָנ־פירערין פון די לופט גייסטער און ער באמערקט גאָרניט, אז אַלע זיינען זיך צולאָפן, נאָכיאָגנדיג די איבעריגע פייעס. ער מאַכט איבער זיך אן אָנשטריינגונג, פארטרייבט דעם צויבער און זעצט פאָר די רייזע אַליין. פארבייפאָרנדיג א קוואַל שטעלט ער זיך אָפּ א טרונק צו טאָן, אָבער דאָס וואַסער איז פארכישופט און ער פאַלט

גלייך אריין אין א הארטן שלאָף. אין דער דאָזיגער לאַגע פאַר־בלייבט ער הונדערטע יאָרן. יעדע נאַכט טאַנצן ארום אים די פייעס אין דעם שיין פון דער לבנה.

## אָרקעסטרעלע לעגענדע „זויגעפלוירע״

Orchestral Legend "Saugefleurie"

„זויגעפלוירע״ איז געבילדעט אויף פאָלגענדער לעגענדע, וועל־כע ווערט געגעבן איבער דער מוזיק:

א יונגע און וואונדערשיינע פייע, מיט דעם נאָמען זויגעפלוירע, האָט אמאָל געוואוינט איינע אליין אין דעם שטאַם פון א בוים ביים ברעג פון טייך.

א געוויסן טאָג איז דאָרטן פאַרבייגעפאָרן דעם קעניג׳ס זון מיט זיין סוויטע. זי איז ארויסגעקומען פון בוים און געקוקט אויף די פערד און רייטער. דער פרינץ האָט האַסטיג אָבגעשטעלט זיין פערד און זי אָנגעקוקט מיט גרויס איבערראַשונג. פון דעם ערשטן בליק האָבן זיי זיך שטערבלאַך פאַרליבט איינע אין די אנדערע.

— קום מיט מיר אין מיין פּאַלאַץ, — האָט דער פרינץ זי איינגעלאַדן.

— צו וואָס זאָלן מיר גיין אהין, — האָט זויגעפלוירע גע־ענטפערט. — דיינקסטו ניט, דאָס איינזאַמקייט איז וואונדערבאַר? איז ניט די ליבע הייסער ווען די געליבטע זיינען אָבגעזונדערט פון מענשן? אויב עס איז דיר אנגענעם, לאָמיר דאָ בעסער פאַר־בלייבן ביידע אליין. מיין הארץ וועט זיין לייכט, ווען עס וועט זיין לעבן דיינער. איך גיב דיר מיין לעבן, לאָרד מיינער, נעם עס!

צו ליבן א שטערבלאַכן האָט פאַר זויגעפלוירע געמיינט טויט, און זי איז גלייך פאַרוועלקט געוואָרן.

די מוזיק פאָלגט נאָך די הויפּט סצענעס פון דער לעגענדע. נאָך א שטילן ארייַנפיר קומט א פידל סאָלאָ, וואָס שטעלט פאָר „זויגעפלוירע״. דאן הערט מען דאָס אָנקומען פון פרינצ׳ס יאַכט קאָמפּאַניע. נאָכדעם קומט די ליבעס סצענע און די מוזיק ווערט שטאַרקער, אויסדריקנדיג זייער ענטוזיאַזם. די יאַכט מוזיק הערט זיך ווידער, נאָכגעפאָלגט פון א דעראינערונג פון דער ליבעס סצענע און די לעגענדע קומט צו א שלום.

## סימפאָנישע פּאָעמע „וואלענשטיין'ס לאגער"

Symphonic Poem "Wallenstein's Camp"

„וואלערשטיין'ס לאגער", באזירט אויף שילער'ס דראמע, באַשטייט פון א טרילאָגיע, אָבער אויף די קאָנצערט פּראָגראַמס ווערט דאָס רוב געגעבן נאָר די ערשטע אָבטיילונג, וועלכע אילוסטרירט די פריילאכע אונטערהאלטונגען אין דעם העלד'ס לאגער, די דערשיינונג פון דעם קאפּוצינער מאָנאך, וואָס האלט א דרשה פאר די סאָלדאַטן און ווערט אויסגעלאכט פון זיי, דאָס אָנקומען פון וואלענשטיין און די ענטוזיאסטישע אויפנאַמע פון דעם העלד.

## סימפּאָנישע פּאָעמע „איסטאר"

Symphonic Poem "Istar"

די סימפאָנישע פּאָעמע „איסטאר" איז באזירט אויף טיילן פון דער אלטער אסירישער עפּיק „איזדובאר", אין וועלכער עס ווערט געשילדערט, ווי דער רעגירער פון ערעך, איסטאר'ס מאַן, שטארבט און די שטאָט פאלט אריין אין די הענט פון די שונאים, די עלאמיטן. דער העלד איזדובאר באפרייט די שטאָט און איסטאר פארליבט זיך אין אים. ער אנטזאגט זיך אָנצונעמען איר האנט און די געטער שיקן דערפאר אָן אויף אים א שרעקלאכע קראנקייט.

אין די ד'אינדיס באארבייטונג איז איזדובאר טויט און איסטאר לאָזט זיך אוועק אים צו באפרייען פון דער פינסטערער מלוכה. אָנקומענדיג אהין דערזעט זי פאר זיך א גרויסן פּאלאץ מיט זיבן טויערן, וועלכע ווערן געהיט פון שטארקע וועכטער. ביי דעם ערשטן טויער נעמט דער וועכטער ארונטער פון איר קאָפּ די ציורונג וואָס זי טראָגט, ביים צווייטן — אירע אוירינגלאך, ביים דריטן — איר האלזבאנד, ביים פערטן — די דימאנטן וואָס באצירן איר ברוסט, ביים פינפטן — איר טייערן גארטל, ביים זעקסטן — די רינגען פון אירע פיס און ביים זיבעטן — דעם שלייער וואָס באַדעקט איר קערפּער. אריינקומענדיג אהין, געפינט זי דאָס וואסער פון לעבן און ראטעוועט איר געליבטן.

## ראפּסאָדי „זומער טאָג אויף דעם באַרג"

Rhapsody "Summre Day on the Mountain"

די ראפּסאָדי איז באזירט אויף א פּאָעמע אין פּראָזע פון

ראָזשיר דע פּאָמפּעלאָן און באַשטייט פון דריי אָבטיילונגען: פריי־מאָרגן, טאָג און נאַכט.

די ערשטע אָבטיילונג איז אַן אַפּיל צו די בערג און טאָלן, צו די פריילאַכע נעסטן און שלאָפנדע הייזער, צו די מענשן און האַר־מאָניס, אַז זיי זאָלן דערוואַכן.

...די שאָטנס צושמעלצן ביסלאַכווייז פאַר דער פלייצנדער ליכט! שטייט אויף, איר באַשעפענישן, וועלכע באַפעלקערט די וועלט! דערוואַכט, איר האַרמאָניס! גאָט הערט!...

די צווייטע אָבטיילונג דריקט אויס די פּאָעטישע און עמאָ־ציאָנעלע געפילן פון איינעם וואָס זיצט אין אַ שטילן ווינקל אונטער אַ בום און הערט זיך צו צו דעם מורמלען פון ווינט און צו דעם געזאַנג פון די פויגעלאַך. ער איז איינגעוויקלט אין זיסע טרוימען און מורמלט שטיל:

„אָ, וויקל מיך אַרום, דו שמעקעדיגער ווינט, וועמעס אָטעם גיט לעבן און פליסט איין ענערגי! זאַמל צונויף די פויגל לידער, ברענג מיר די דאָרפישע זיסע קלאַנגען, דעם פריילאַכן געלעכטער פון די מיידלאַך אין די טאָלן, דאָס מורמלען פון די קוואַליעס און דעם זיסן גערוך פון די פלאַנצן. באַהאַלט אין דיין גרויסן זיפץ אַלע זיפצן פון דער ערד און זע, אַז עס זאָלן צו מיר דערגרייכן נאָר די ריינסטע האַרמאָניס, די גוטע און געטליכע מעשים!״

די לעצטע אָבטיילונג זוכט צו שאַפן די פאָרשטעלונג פון אַ זונען אונטערגאַנג און די רוהיקייט וואָס הערשט אין דער נאַטור. דער גלאָקן קלאַנג הערט לאַנגזאַם אויף, די שעפסן קומען זיך צו־זאַמען און די דאָרפס פרוי וויגט איין דאָס קינד.

„אַלץ שלאָפט אונטער די שאָטנס, אַלץ דוכט זיך אויס ווי גייסטער אין טאָל, דאָך לעבט אַלצדינג.

אָ, נאַכט! אויביגע האַרמאָני וואוינט אונטער דיין שלייער, פרייד און טרויער שלאָפט בלויז.

אָ, נאַכט! אַ פאַרצערטער לעבן רוישט דורך דעם אַלץ פאַרצערנדן טאָג. לעבן שאַפט זיך אַליין ווידער אונטער דעם פערל באַשפּריצטן מאַנטל פון דיינע אויסגעשפּרייטע אָרעמס״.



## מיכאַאיל איפּאָליטאָוו איוואַנאָוו

באוואוסטער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן אין גאַטשינאַ, אין יאָר 1859. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראָס „רות", די „אזרא" און „אַסיאַ" סימפאָני און „אי מיינאָר", 3 אָווערטורס, די אַר־מענישע ראַפּסאָדי און דער סוט „קאַווקאַזער סקיצן".

## סוט „קאַווקאַזער סקיצן"

Suite "Caucasian Sketches"

די פיר אבטיילונגען פון דעם סוט ווערן באצייכנט מיט פאָלגענדע אויפשריפטן:

1. אין שמאָלן דורכגאנג פון די בערג.
2. אין אאול (דאָרף).
3. אין מעטשעט (מוסולמאַנישע געבעט־הויז).
4. דער מאַרש פון סאַרדאַר.

דער דאָזיגער סוט גיט אונז א מוזיקאַלישן בילד פון דעם לעבן פון די בערג איינוואוינער אין אזיאַטישען רוסלאַנד. די ערשטע אבטיילונג טראָגט אונז גלייך אריבער אין דער אַט־מאָספערע פון די האלב־ציוויליזירטע קאווקאַזער פעלקער גרופּן מיט זייער פרייען אייגנאַרטיגן לעבן אין די בערג.

די צווייטע אבטיילונג, „אין דאָרף", הויבט זיך אָן מיט א כאראקטעריסטישער פאָלקס־ליד אין דער ווייאָלא און ווערט נאָכגעפאָלגט פון אָריענטלישע טאַנץ־מוזיק. הערנדיג די וואונ־דערבארע מוזיק פון דעם נומער, דוכט זיך ווי מען זעט פאר זיך די פלינקע באוועגונגען פון דער שווארצאויגיגער טשערקעסקע, וואָס דרייט זיך אין א טאַנץ, און די מוטיגע פארברענטע פנימער פון די מענער וואָס זיצן אין א קרייז אויף דער ערד און קלאַפּן מיט די הענד צום טאַקט.

דער דריטער נומער באשטייט פון רעליגיעזע געזאנג און טענץ, אַקאָמפּאַנירט פון טאַמבורינס. דער סוף שליסט זיך מיט א גראנדיעזער מארש פּראָצעסיע.



# פראַנץ ליסט

איינער פון די גרעסטע אונגאַרישע פּיאַניסטן און קאָמפּאָזיטארס. געבאָרן דעם 22טן אָקטאָבער, 1811, געשטאָרבן דעם 31טן יולי, 1886. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די „געטלאַכע קאָמעדיע" סימפאָני, „פאוסט סימפאָני", די סימפאָנישע פּאָעמעס „טאסא", „פּרעליודן", „אָר־פיאוס", „בערג", „הונענשלאַכט", „מאַזעפּא", „פּראָמעטעאוס" און „פעסט־קלאַנגען", 2 עפּיזאָדן פון לענאו'ס „פאַוסט", די ערשטע 2 פּיאַנאָ קאָנ־צערטאָס, „פון פעלז צום ים" מאַרש, אונגאַרישער קאָראָנאַציע מאַרש און 6 אונגאַרישע ראַפּסאָדיס.

# די „פאוסט" סימפאָני

"Faust" Symphony

די פאוסט סימפאָני איז אן אילוסטראציע פון די כאראקטערן פון די דריי הויפט פיגורן אין געטע'ס טראגעדיע: פאוסט, גרעטכען און מעפיסטאָפל.

די טעמעס אין דער ערשטער אָבטיילונג מאָלן די כאראקטער שטריכן פון פאוסט — דאָס גריבלען זיך און פאָרשן, זיין שטרעבן, בייגקעניש נאָך ליבע און ענטוזיאַזם.

די הויפט טעמע פון דער צווייטער אָבטיילונג איז א כאראקטער בילד פון גרעטכען. די צווייטע טעמע דערציילט די געשיכטע פון דער ענדערונג וואָס קומט פאָר אין פאוסטן אונטער דעם מאגישן איינפלוס פון ליבע.

די דריטע אָבטיילונג איז א כאראקטער בילד פון דעם סקעפטישן אָפּלאכנדן מעפיסטאָפל.

## 2 עפּיזאָדן פון לענאו'ס „פאוסט"

2 Episodes from Lenau's "Faust"

די מוזיק אילוסטרירט צוויי עפּיזאָדן, באארבייט נאָך פאוסט פון ניקאָלאַס לענאו, די נאכט פּראָצעסיע און מעפיסטאָ'ס טאנץ אין דער דאָרף קרעטשמע.

פאָלגענדער אויסצוג פון לענאו'ס פּאָעמע האָט געדינט אַלס באַזיס פאר דער דאָזיגער ראָמאַנטישער קאָמפּאָזיציע.

„שווערע פינסטערע וואָלקנס, א שטאָק פינסטערע נאכט. אין וואלד פילט זיך דער אָטעם פון פרילינג. א מילדער ווארימער גערויש אין די בלעטער. די לופט שמעקט און דער נאכטיגאַל גיסט זיינע טרעלן.

פאוסט פאָרט רייטנדיג אליין. ער איז אין א פינסטערער שטימונג. — וואָס קען זיין אַזוינס דאָס ליכט וואָס שיינט פון וויטן? וואָס קען באַדייטן דאָס פייערליכע געזאַנג? א פּראָצעסיע פון ווייס געקליידעטע קינדער וואָס טראָגן פאקעלן און גירליאנדעס פון בלומען לכבוד דעם אָוונט פון הייליגן דזשאָן. יונגפרויען, געקליידעט ווי מאָנאַשקעס, און אַלטע גלחים אין שווארצע

מאַנטלען מיט צלמים פאָלגן זיי נאָך. ווען די פּראָצעסיע גייט פאַרביי און דער לעצטער אָבשיין פון ליכט ווערט פאַרשוואונדן, גראָבט פאוסט איין זיין פנים אין דער גריווע פון פערד און וויינט זיך פאַנאַנדער."

דער צווייטער עפּיזאָד מאָלט אַ חתונה פעסט אין אַ קרעטשמע פון אַ דאָרף. מעפיסטאָפל, געקליידעט ווי אַ יעגער, קוקט אריין דורכן פענסטער פון קרעטשמע און לאַדט איין פאוסטן אַריינצוגיין אַהין. זיי גייען ביידע אַריין. אַ שיינע דאָרפישע מיידל באַצויבערט פאוסטן פון ערשטן בליק, אָבער ער וואַגט זי ניט צו באַגריסן און מעפיסטאָפל לאַכט אָפּ פון אים. ער נעמט די פידל פון פידל שפּילער און הויבט אָן אַרויסצוברענגען באַרוישנדע און פאַרפירערישע טענער. דער פאַרליבטער פאוסט לאַדעט איין די דאָרפישע שיינהייט און הויבט זיך אָן צו דרייען מיט איר אין אַ שנעלן און ווילדן טאַנץ.

## סימפאָני נאָך דאַנטע'ס „געטלאַכע קאָמעדיע"

Symphony after Dante's "Divina Commedia"

די סימפאָני איז אין צוויי טיילן: 1) דער גיהנום און 2) די זינד־ריינקייגונגס הויז.

די ערשטע אָבטיילונג עפנט זיך מיט אַ כאַראַקטעריסטישער פראַזע פאַר די באַס אינסטרומענטן, אַנאָנסירנדיג אין רעטשיטאַטיוו די אויפשריפטן איבער די טויערן פון גיהנום: „דורך מיר גייסטו דורך צו דער וואוינונג פון שרעקן!" „דורך מיר גייסטו אַריין אין אוייביגן פיין!" „דורך מיר גייסטו צו די מענשן וועלכע זיינען אויף אוייביג פאַרלאָרן!" די טראָמבאָנען און די האָרנס שאַלן אויס די וואָרנונג: „פאַרלאָזט יעדע האָפנונג, איר וועלכע גייט דאָ אַריין!"

נאָך דער באַקאַנטמאַכונג פון די מוראדיגע אויפשריפטן מאָלט דער קאָמפּאָזיטאָר, דורך אומנאַטירלאַכע קאָמבינאַציעס, כראָמאַטישע פראַזן און פאַרדרייטע דיסאָנאַנסן, די שרעקנס סצענעס און ליידן פון די פאַראורטיילטע אין גיהנום. נאָכדעם פאָלגט דער עפּיזאָד פון פאַולאָ און פראַנצעסקאַ דע רימיני, און מיר הערן די

טרויעריגע קלאַנגען פון דעם דיאַלאָג: „עס איז ניטאָ קיין גרע־סערער שמערץ ווי זיך צו דערמאָנען אָן די גליקלאַכע טעג אין דער צייט ווען מען איז אומגליקלאַך". דאַן הערט זיך ווידער די וואר־נונג און די באַקאַנטמאַכונג פון דעם אָנהויב און עס ענדיגט זיך מיט קרעכצן און קללות פון די ליידנדע נשמות.

די צווייטע אָבטיילונג אילוסטרירט די שטימונג פון דער־לייכטערונג פון די שוידערלאַכע סצענעס. א צושטאַנד פון רוהי־קייט פילט זיך אין דעם אריינפיר, א צאַרטער מורמלען ווי פון דער באוועגונג פון ים כוואַליעס הערט זיך אין דער לופט און פילט אָן די נשמה מיט א שטאַרקער בייַנקעניש. דאַן הערט זיך די הויפּט טעמע אַלס א כאָראַלער הימן, נאָכגעפאָלגט פון א פוגע וואָס דריקט אוים נאָכגעבונג און מעלאַנכאָליע. פאר דעם שלוס קערט זיך די ערשטע טעמע אום צוריק און שטאַרבט לאַנגזאַם אָפּ.

די קאָדא ווערט פון אנדערע באַטראַכט אַלס אַן אויסקוק צו די פאַרגעניגנס פון גן־עדן.

## „בערג" סימפאָני

### "Mountain" Symphony

די בערג סימפאָני איז באַזירט אויף וויקטאָר הוגאָ׳ס א פּאָעמע, דער אינהאַלט פון וועלכער איז אין קורצן ווי פאָלגט:

אויף א באַרג לעבן ים הערט דער פּאָעט א הילכנדן קלאַנג פול מיט האַרמאָנישע אַקאָרדן, וואָס זיינען ווייך ווי אַן אָוונט געזאַנג און שטאַרק ווי א צוזאַמענשטויס פון געוועהר. אין אָט דעם קלאַנג דערקענט ער צוויי שטימען — די שטימע פון דער נאַטור און די שטימע פון דער מענשהייט. די ערשטע קומט פון די ים כוואַליעס און איז א געזאַנג פון גרויסקייט, א הימן פון גליק, און די צווייטע קומט פון דער יבשה, פול מיט טרויער. איינע איז מאַיעסטעטיש, פריילאַך, פרידליך און טריאומפירנד און די צווייטע — גרילצנד, בייז, פלוכנד און קלאָגנד. הערנדיג און נאָכטראַכטנדיג, שטעלט זיך דער פּאָעט די פראַגע: „צוליב וועלכן צוועק עקזיסטירן מיר? איז עס בעסער צו זיין אָדער ניט צו זיין? פארוואָס האָט גאָט צוזאַמענגעמישט אין איין פּאַטאַלן הימן דעם געזאַנג פון דער נאַטור מיט דעם געשריי פון דער מענשהייט?"

ביים סוף ענדערט דער קאָמפּאָזיטאָר וויקטאָר הוגאָ'ס אויס־פיר און פארבייט דעם פּאָעטס פּעסימיסטישן שלוס מיט אַן אָפּטי־מיסטישן, מאָ'נדיג אַ גליקזעליגן פרידן, באַזירט אויף דעם רעלי־גיעזן גלויבן.

## סימפאָנישע פּאָעמע „די פּרעליודן"

Symphonic Poem "The Preludes"

די פּרעליודן איז אַ מוזיקאַלישער פּירוש אויף אַן אויסצוג פון לאַמארטען'ס „פּאָעטישע געדאנקען", וועלכן דער קאָמפּאָזיטאָר גיט איבער דער מוזיק אַלס פּראָגראַם פון זיין קאָמפּאָזיציע:

„וואָס איז דען אונזער גאַנצער לעבן, אויב ניט אַ סעריע פון פּרעליודן צו יענעם אומבאַוואוסטן ליד, אין וועלכן דער טויט ג׳יט דעם ערשטן פייערליכן טאָן? ליבע פאַרמירט דעם באַצויבערנדן פרימאָרגן פון יעדנס האַרץ, אָבער וואו איז יענער שטערבליכער, וועמעס ערשטע מינוטן פון פרייד און גליק ווערן ניט אונטערבראָכן דורך וועלכן עס איז שטורעם, וואָס צובלאָזט זיינע פאַנטאַסטישע אילוזיעס מיט זיין קאַלטן אָטעם און צוטרייסלט זיין אַלטאַר?

וועלכע פאַרוואונדעטע נשמה זוכט ניט צייטנווייז זיך צו פאַרוויגן אין טרוימען און פאַרטרייבן די דעראינערונג פון דעם דאָזיגן שטורעם אין דער איינזאַמקייט פון נאַטור לעבן. און דאָך איז דער מענש, ווי עס שיינט, ניט פייאיג לאַנג צו פאַרטראָגן דעם שטילן רוהיגן לעבן אויף דעם שויס פון דער נאַטור. ווי נאָר דער טרומפּייט שאַלט דעם סיגנאַל פון געפאַר, איילט ער זיך אָנצושליסן אָן זיינע קאַמעראַדן. ער וואַרפט זיך אין רעכטן מיטן פייער, און אין דער פאַרטומלונג פון מלחמה געווינט ער צוריק דעם צוטרויען צו זיך און צו זיינע כוחות.

## סימפאָנישע פּאָעמע „טאַסאָ'ס טרויער און טריאומף"

Symphonic Poem "Tasso; Lament and Triumph"

דער טראַגישער גורל פון דעם אומגליקלאַכן איטאַליענישן פאָלקס זינגער האָט געדינט אַלס טעקסט פאַר די צוויי גרעסטע

פּאָעטן פון דייטשלאַנד און ענגלאַנד, געטע און בייראָן. ליסט אַליין זאָגט, אַז ער איז אַם מערסטן באַאיינפלוסט געוואָרן פון בייראָנס פּאָעמע „דער יאָמער פון טאַסאָ", אָבער ער האָט זיך ניט געקענט באַגרענעצן מיט דער ענגלישער פּאָעמע ווען ער האָט אויך געוואָלט מאָלן דעם ענדליכן טריאומף.

דער פאָרוואָרט צו דער מוזיק ענטהאַלט די פאָלגנדע דער־קלערונג פון דעם קאָמפּאָזיטאָר, וועלכע קען אויך דינען אַלס פּראָ־גראַם פאַר דער דאָזיגער סימפּאָנישער פּאָעמע:

„מיר האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו פאָרמולירן דעם געגנזאַץ אין דעם גענינאַלן מענשן, וועלכער איז אַזוי שלעכט באַ־האַנדלט געוואָרן ביים לעבן און נאָכן טויט געגלאַנצט מיט אַזאַ שטאַרקער ליכט וואָס האָט פאַרבלענדעט זיינע פאַרפאָלגער. טאַסאָ האָט געלעבט און געליטן אין הערארא, געהאַט זיין נקמה אין רוים און זיין אָנדיינקען לעבט נאָך איצט אין די פאָלקס לידער פון װענעציע. די דאָזיגע דריי פונקטן זיינען איינג פאַרבונדן מיט זיין אומשטערבליכן אָנדיינקען. כדי זיי אויסצודריקן אין מוזיק, האָבן מיר צוערשט אַרויסגערופן דעם מעכטיגן שאָטן פון דעם העלד, ווי ער דערשיינט איצט, שוועבנדיג איבער די וואַסערן פון ווענעציע. מיר האָבן געכאַפּט אַ בליק אויף זיין שטאָלצן, אומעדיגן פּנים אין הערארא, וואו ער האָט פּראָדוצירט זיינע ווערק, און אים נאָכגע־פאָלגט ביז רוים — יענע אויביגע שטאָט וועלכע האָט אים אָנ־געטאָן די קרוין פון באַרימטקייט און פאַרערט אין אים דעם פּאָעט און מאַרטירער.

מיר האָבן אויסדערוויילט אַלס טעמע פון אונזער מוזיקאַלישער פּאָעמע די מעלאָדי וואָס מיר האָבן געהערט די ווענעציִשע גאָנדאָ־לירס, זינגענדיג מיט די ערשטע סטאַנזעס פון טאַסאָ'ס „ירושלים", דריי הונדערט יאָר נאָך זיין טויט. די ווענעציִשע מעלאָדי איז איבערפילט מיט אַזאַ שטאַרקן און טרייסטפולן טרויער, מיט אַזאַ הילפלאָזן צער, אַז עס איז גענוג צו מאָלן טאַסאָ'ס נשמה".

# סימפּאָנישע פּאָעמע „אָרפּייאוס"

Symphonic Poem "Orpheus"

דער פאָלגנדער אויסצוג פון דעם קאָמפּאָזיטאָרס פאָרוואָרט קען דינען אַלס קאָמענטאַריע איבער דעם גייסט און אינהאַלט פון דער דאָזיגער קאָמפּאָזיציע:

„אַ געווויסן טאָג האָב איך געזאָלט אויפפירן גלאָק'ס „אָרפּייאוס". אין דער צייט פון דער רעפּיטיציע האָב איך פיל געטראַכט וועגן דעם שטאַנדפּונקט, פון וועלכן דער גרויסער מייסטער האָט געקוקט אויף יענעם פּאָעט־מוזיקער, וועמעס נאָמען עס שוועבט מאַיעסטעטיש איבער דער שענסטער גריכישער לעגענדע. פאַר מיינע אויגן איז דאַן אַרויסגעשוואומען דאָס בילד פון דער עטרוסקאַנישער וואַזע, וואָס געפינט זיך אין דעם פּאַריזער מוזעאום פון לואוור. די וואַזע שטעלט פאָר דעם ערשטן פּאָעט־מוזיקער, דראַפּירט אין אַן אויסגעשטערנטן מאַנטל, די ברעמען אַרומגערינגלט מיט אַ מיסטיש קעניגליכער באַנד, די ליפּן אָפן און זיינע לאַנגע שיינע פינגער באַוועגן זיך איבער די סטרונעס פון זיין לירע. ווי לעבעדיג האָב איך אים דאַן געזען אין מיין פאַנטאַזיע און געהערט זיין וואונדערליכן שפּילן. ווילדע חיות האָבן זיך צוגעהערט מיט ענטציקונג, הארטע פעלזן זיינען ווייך געוואָרן און די ברוטאַלע מענשליכע אינסטינקטן זיינען איינגעשטילט געוואָרן, הערנדיג מיט פאַרגעטערונג יענע קלאַנגען וואָס האָבן אַנטדעקט צו דער מענשהייט די נוצלאַכע קראַפט פון קונסט, איר הערלאַכע אילומינאַציע און האַרמאָני.

היינט, ווי אין דער אַלטער צייט, זאָל אָרפּייאוס — וואָס מיינט קונסט — אויסגיסן זיינע מעלאָדישע כוואַליעס און וויברירנדע אַקאָרדן איבער די געגנגעזעצטע עלעמענטן וואָס רייסן זיך אַרום איינע מיט די אַנדערע און בלוטיגן אין דער נשמה פון יעדן איינעם פון אונז און אין דער געזעלשאַפט. אָרפּייאוס באַוויינט יורידיסע — דעם עמבלעם פון אידעאַל וואָס ווערט צובראָכן דורך שלעכטס און ליידן, — וועמען ער איז דערלויבט געווען אַרויסצורייסן פון די מאָנסטערס פון גיהנום און אַרויספירן פון דער פינ־

סטערניש, אָבער ווען ער האָט, צו באַרויערן, גיט געקענט האַלטן אויף אונזער ערד".

## סימפאָנישע פאָעמע „מאַזעפּאַ"

Symphonic Poem "Mazeppa"

די מוזיק פון דער סימפאָנישער פאָעמע „מאַזעפאַ" איז אַן אילוסטראַציע צו אַ טייל פון וויקטאָר הוגאָ'ס באַלאַדע „די אָריענטאַלן", דער אינהאַלט פון וועלכער איז אין קורצן ווי פאָלגט:

„ברומענדיג פון ווייטאָג און וויינענדיג, ווערט מאַזעפאַ צוגעבונדן פון דעם תליון צו אַ ווילדן פערד. פלוצלונג הערט זיך אַ הילכנדער געשריי און דער פערד צוזאַמען מיט דעם געבונדענעם הויבן אָן צו פליען שנעל ווי דער ווינט. זיי טראָגן זיך איבער לאָנקעס, טייכן, וועלדער און זאַמדיגע מדבריות, נאָכגעפאָלגט פון אַנדערע ווילדע פערד און רויב פויגל.

נאָך דריי טעג פון ווילדן געיעג פאַלט דער פערד טויט.

אַ צוגעבונדענער צום טויטן פערד ליגט דער קרעכצנדער מאַזעפאַ, באַדעקט מיט טריפנדע וואונדן, אָבער די צייט וועט קומען ווען דער אומגליקלאַכער וועט זיך דערהויבן צו זיין דער הערשער איבער די שטאַמען פון אוקריינע".

## סימפאָנישע פאָעמע „העלדישע טרויער שטיק"

Symphonic Poem "Heroide Funebre"

אין דעם פאָרוואָרט פון דעם קאָמפּאָזיטאָר צו דער דאָזיגער פאָעמע זיינען דאָ פאָלגנדע שטעלן, וואָס גיבן אַ שפּור צו איר באַדייטונג:

„אַלץ קען זיך ענדערן אין דער מענשלאַכער געזעלשאַפט — זיטן און קולט, געזעצן און אידייען — ערגערניש בלייבט שטענדיג ווי געוועזן. עס איז פאַר קונסט צו פאַרוואַרפן איר שלייער איבער די קברים פון די העלדן, אַרומנעמען מיט אַ גאָלדענעם ליכט־צירקל די טויטע און שטאַרבנדע, כדי צו דערוועקן קנאה ביי די לעבעדיגע".

## סימפאָנישע פאָעמע „הונען שלאַכט"

Symphonic Poem "The Battle of the Huns"

די סימפאָנישע פאָעמע „הונען־שלאַכט" איז אינספּירירט געוואָרן פון אַ בילד פון דייטשן מאָלער ווילהעלם קאַולבאַך, וועלכע

שטעלט פאָר די לעגענדע פון דער לופט מלחמה צווישן די גייסטער פון די געטויטעטע רוימער און די געפאלענע הונען. לויט דער לעגענדע זיינען די סאָלדאַטן געווען אַזוי שטאַרק צוהיצט אין דעם קאַמף, אַז די טויטע זיינען אויפגעשטאַנען אין מיטן נאַכט און פאָרטגעזעצט די מלחמה אין דער לופטן.

פונקט ווי דער מאָלער האָט דער קאָמפּאָזיטאָר געזוכט פאַר־צושטעלן די פאַסירונג אַלס אַ קאַמף צווישן געצנדינערייַ און קריסטנטום, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט אַ זיג פאַר דעם קריסטלאַכן גלויבן.

## סימפאָנישע פּאָעמע „די אידעאַלן"

### Symphonic Poem "The Ideals"

די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע איז באַזירט אויף שילער'ס פּאָעמע מיט דעם זעלבן נאָמען, און די פיר אָבטיילונגען זיינען באַצייכנט מיט פאָלגנדע אויפשריפטן:

1. שטרעבונג.
2. ענטוישונג.
3. טעטיקייט.
4. אַפּאָטעאָזיס.

דער אינהאַלט פון שילער'ס פּאָעמע איז אין קורצן ווי פאָלגט:

„דער זיסער גלויבן און די פאַנטאַסטישע שאַפונגען פון דער יוגנד פאַרשווינדן; וואָס עס איז אַמאָל באַטראַכט געוואָרן אַלס געטליך און וואונדערבאַר, דאָס צו וואָס מיר האָבן אַמאָל האַרציג געשטרעבט און וואָס מיר האָבן צערטליך אַרומגענומען מיט אונזער האַרץ און געדאַנקען, ווערט איינגעשלונגען פון דער גרויזאַמער ווירקלאַכקייט. ווען מיר זיינען שוין אָבגעגאַנגען אַ האַלבן וועג, פאַרלאָזן אונז איינע נאָך די אַנדערע אונזערע טייערסטע באַ־גלייטער — ליבע, רייכטום, באַרימטקייט און וואַרהייט, נאָר פריינדשאַפט און טעטיקייט פאַרבלייבן מיט אונז אַלס טייערע חברים".

שילער'ס שלוס האָט ניט באַפרידיגט ליסט'ן. אין אַ באַ־מערקונג, וואָס ער מאַכט צו דער שלוס־אָבטיילונג פון זיין סימפאָ־נישער פּאָעמע, זאָגט ער:

„זיך האלטן פעסט און זען צו רעאליזירן דעם אידעאל, איז דער העכסטער ציל פון אונזער לעבן. אין דעם זין האָב איך גע־וואגט צוצוגעבן צו שילער׳ס פּאָעמע א מער מונטערע פאָרטזעצונג צו דעם אפּאָטעזיס, וואס איך האָב גענומען פון די מאָטיוון פון דער ערשטער אָבטיילונג״.



## טשאַרלס לעפלער

באַרימטער פידל־שפּילער און קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 30טן יאַ־נואַר, 1861, אין מולהאוזן, אלזאַס. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: קוואַרטעט אין „איי מיינאָר״, די סימפאָנישע פּאָעמעס „טויט פון טינ־טאגילינס״, „דעם טייפל׳ס ווילענעלע״ און „דאָס שיינע ליד״, „א פּעגאַן״ פּאָעמע און פאַנטאַסטישע טשעלאָ קאָנצערטאָ.

## סימפאָנישע פּאָעמע „דער טויט פון טינטאַגילעס״

Symphonic Poem “La Morte de Tintagiles”

די מוזיק פון דער דאָזיגער סימפאָנישער פּאָעמע איז גע־שאַפן געוואָרן צו אילוסטרירן מעטערלינג׳ס א מעלאָדראַמע מיט דעמזעלבן נאָמען, דער אינהאַלט פון וועלכער איז אין קורצן ווי פאָלגט:

טינטאַגילעס, א יונגער פרינץ און צוקונפטיגער הערשער פון

אַ לעגענדאַרישער מלוכה, וואוינט צוזאַמען מיט זיינע שוועסטער איגרען און בעלאַנזשער אין אַ פינסטערן פּאַלאַץ, אויף אַן איינזאַמען אינזל. די קעניגין זוכט אַבצוראַמען פון וועג דעם יונגן פּרינץ, און אירע שפּיאָנען געפינען ענדלאַך אַ מיטל ווי אים אַוועקצורייבן פון דאָרטן. זיין שוועסטער איגרען ווערט איינגעשפּאַרט אין אַ פינסטערער גרוב. ווען מען טראָגט דעם גערויבטן פּרינץ פאַרביי דעם פּלאַץ וואו זי געפינט זיך, הויבט ער זיך אָן צו רייסן צו זיין שוועסטער און זי בעטן, אַז זי זאָל אים ראַטעווען. איגרען זוכט דורכצוברעכן די טיר, אָבער עס איז ניט פאַר אירע כוחות. דער טויט פון טינטאַגילעס ענדיגט די טראַגישע סצענע.

די מוזיק עפנט זיך מיט אַן אַנדייטונג אויף דעם אָנקומענדן שטורעם. עס ווערט געשאַפן אַ שטימונג, וואָס דריקט אויס דעם גייסט פון דער דראַמע. צום שלוס הערט מען די פאַרצווייפלטע געשרייען פון דער פאַרשפּאַרטער איגרען און די יאָמערנדע אַפּילס פון דעם אומגליקלאַכן טינטאַגילעס.

## סימפאָנישע פּאָעמע „דעם טייפל׳ס ווילענעלע״

Symphonic Fantasie "La Villanelle du Diable"

די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע איז באַזירט אויף אַ פּאָעמע פון מאָורים ראָלינעט, וועלכע איז אין איבערזעצונג ווי פּאָלגט:

„דער גיהנום פּלאַקערט, פּלאַקערט, פּלאַקערט.
קוואַקטשענדיג אין אַבגעהאַקטע טענער
שלעפּט דער טייוול זיך ארום.
ער קוקט אויף אַלץ, גייט גלייך און לויפט צוריק,
דער גיהנום פּלאַקערט, פּלאַקערט, פּלאַקערט.

טיף אונטערן וואַסער און אין קעלער
אונטער דר׳ערד און אין דער לופט
שלעפּט דער טייוול זיך ארום:
דאָ אַ בלום, דאָ גייסט געפליגלטער,
דאָ פרוי, דאָ שוואַרצע קאַץ, דאָ גרינע שלאַנג:
און דאָ מיט וואָנצעס שפּיצינע.

דאָרט וואו אַ גרויסער עולם איז,
סיי זומער און סיי ווינטער,
שלעפּט דער טייוול זיך אַרום:
דאָ שוועבט ער אין אַ פינסטערע נאַכט
מיט שטערן אויגן אום,
דאָרט פליט ער ווי אַ זייפן בלאָז,
דאָ קריכט ער ווי אַ וואָרים.

דאָ אַ פירשט, דאָ היימלאָזער,
דאָ סטודענט און דאָ לערער.
ער קריכט אַריין אין יענעמס זעל
און פאָרשט די סודות זיינע.

ער זאָגט צו, און דינגט זיך,
מאַכט מיט יעדן אָפּ,
לאַכט אָפּ פון שוואַכן,
וועלכן ער צושטערט,
מאַכט פון גוטע לעבערליך
און אַלטע לייט צו נאַר.

אין דער הויז פון גלח
און פון אפּיקורס,
וועמעס גייסט און גוף ער זוכט,
שלעפּט דער טייוול זיך אַרום.

היט זיך אָפּ פון דעם
וועמען ער שמייכלט און ער רופט: „מיין הער!"

אַלס פריינד פון טאַראַנטעלאַ,
פינסטערניש און איינצל נומער,
שלעפּט דער טייוול זיך אַרום.
מיין זייגער שלאָגט שוין צוועלף,
זאָל איך גיין זיך זען מיט לוציפער?

דער גיהנום פלאַקערט, פלאַקערט, פלאַקערט
און דער טייוול שלעפּט זיך איבעראַל אַרום".



# עדוואַרד מעקדאַעל

באַרימטער אַמעריקאַנער פּיאַניסט און קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 18טן דעצעמבער, 1861, אין ניו יאָרק, געשטאָרבן אין דעם יאָר 1908. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען די סימפּאָנישע פּאָעמען „לענסעלאט און עליין" און „לעמיא", די „טראַגיקאַ" און „עראאיקאַ" סאָנאַטאַס, 4 פּיאַנאָ סאָנאַטאַס, די „אינדיען סוטס" און די קאָנצערטאָס אין „איי מיינאָר" און „די מיינאָר".

## סימפּאָנישע פּאָעמע „לאַנסעלאָט און עליין"

### Symphonic Poem "Lancelot and Elaine"

די דאָזיגע סימפּאָנישע פּאָעמע איז געבילדעט אויף טעניסאָן'ס מעשה וועגן לאַנסעלאָט און דער ליליע מיידל פון אסטאלאַט.

די עפּיזאָדן, וואָס ווערן אילוסטרירט אין דער מוזיק, זיינען ווי פאָלגט:

דער אריינפיר שטעלט פאָר לאַנסעלאָט און עליין. די צווייטע טעמע איז א מאַרש, וואָס דריקט אוים די רייזע צו דעם לויף געיעג אויף פערד. נאָכדעם ווי עס אנטוויקלט זיך, קומט א סאָלאָ — די עליין טעמע. דאָס ווערט נאָכגעפאָלגט מיט א מעלאָדי, וואָס גיט

איבער דעם אָנהויב פון דעם געיעג, און ווען דאָס לויפן גרייכט זיין קלימאַקס, ווערט דורך אַ לייכטן ציטער אין די פליטן און די פידלען אנאָנסירט דער נצחון.

אין דעם צווייטן עפיזאָד ווערט געמאָלן לאַנסעלאָט׳ס דורכפאַל און עליין׳ס טרויער. דאַן פאָלגט ווידער די לאַנסעלאָט טעמע וואָס שטעלט פאָר זיין צוריק קומען אין לאַגער. אַ פיגור, געשפילט פון גאַנצן אָרקעסטער, אילוסטרירט דעם געשפרעך מיט גוועווערע. דער פינאַל איז פון אַן אומעדיגן כאַראַקטער און שטעלט פאָר לאַנסעלאָט׳ס סוף.

## אינדיאַנער סוט נומער 2

### Indian Suite No. 2.

אין די באַמערקונגען וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר גיט איבער זיין מוזיק ווערט אָנגעגעבן, אַז דער מאַטעריאַל פאַר דער דאָזיגער קאָמפּאָזיציע, מיט דער אויסנאַם פון עטלאַכע צוגעגעבענע טעמעס, איז געבילדעט אויף מעלאָדיען פון די נאָרד אַמעריקאַנישע אינדיאַנער.

די פינף אָבטיילונגען פון דעם סוט זיינען

1. אַ לעגענדע.
2. אַ ליבעס ליד.
3. אין מלחמה צייט.
4. אַ „דווידזש" (אַ טרויער ליד).
5. אַ דאָרפישער יום טוב.

די ערשטע אָבטיילונג איז גענומען געוואָרן פון אַלדריטשעס אינדישער לעגענדע, מיאַנטאַוואָנאַ, און די הויפּט טעמע איז אַ ליד פון שניט־צייט ביי די איראָקיז אינדיאַנער פון ניו יאָרק סטייט.

די צווייטע אָבטיילונג עפנט זיך מיט אַ ליבעס ליד, וואָס ווערט געזונגען פון די אייאָוואַ אינדיאַנער.

די דריטע אָבטיילונג איז קריגעריש אין כאַראַקטער און ענטהאַלט אַ גוט באַקאַנטע ליד צווישן די שבטים פון אַטלאַנטישן ברעג, ווי אויך כאַראַקטערנע שטעלן פון דער „סקאַלפּ" ליד פון די איראָקיז אינדיאַנער.

די פערטע אָבטיילונג, וואָס הויבט זיך אָן מיט גלאָקן קלאַנג, איז אַ קלאָג ליד פון אַ פרוי ביי די קיאָווא אינדיאַנער, אין וועלכער זי באַוויינט איר פאַרלאָרענעם זון.

אין דער לעצטער אָבטיילונג ברייננט דער קאָמפּאָזיטאָר אריין צוויי טעמעס פון די איראָקיז אינדיאַנער, איינע אַ מלחמה ליד און די צווייטע אַ טאַנץ מעלאָדי.



גוסטאַוו מאַהלער

באַרימטער אידישער דיריגענט און קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 7טן יולי, 1860, אין קאַלישט, באָהעמיע, געשטאָרבן דעם 18טן מאַי, 1911. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: 9 סימפאָניס, „דאָס קלאָגנדע ליד" פאר סאָלאָ, כאָר און אָרקעסטער, „דאָס ליד פון דער ערד" און אָפּערא „די ארגאנאוטן".

## סימפּאָני נומער 1 (טיטאַן)

Symphony No. 1 (Titan)

לויט דעם פּראָגראַם, געגעבן פון דעם קאָמפּאָזיטאָר אַליין, ווערט די קאָמפּאָזיציע איינגעטיילט און כאַראַקטעריזירט ווי פאָלגט:

ערשטער טייל: יוגנד טעג; אריינפיר — פרילינג אָן אָן ענדע; בלומען קאַפּיטל; אונטער פולע זעגלען.

צווייטער טייל: דעם יעגער'ס לויה פראָצעסיע; פון גיהנום צום גן־עדן.

דער אריינפיר מאָלט די דערוואכונג פון דער נאַטור דעם ערשטן פרימאָרגן פון לעבן.

די צווייטע אָבטיילונג איז אַ לעבעדיגע „סקערצאָ" און אַ טאַנץ ריטם, וועלכע אילוסטרירן די שטעלן פון לידער, וואָס זיינען פארפאסט געוואָרן פון דעם קאָמפּאָזיטאָר אליין. אין זיי ווערט געשילדערט, ווי אַ וואנדערער דריקט אויס זיין פרייד, וואָס ער האָט אנטדעקט אַ באהאַלטענעם פּלאַץ, וואו מענשן לעבן גליקלאך און צופרידן.

די דריטע אָבטיילונג איז געבילדעט אויף אַ פּאַראָדיע פון דעם יעגער'ס לויה פּראָצעסיע — אַ מעשהלע, וועלכע איז פּאָפּולער אין זיד דייטשלאַנד. די חיות פון וואלד באַגלייטן דעם פאר־שטאָרבענעם וואלד וועכטער צו זיין אויביגער רו. די האָזן טראָגן די פאָן, און אַ קאַפּעליע פון מוזיקאנטן וואָס באַשטייען פון קעץ, זשאַבעס, הירש, פוקסן און אַנדערע וואלד איינוואוינער באגלייט די פּראָצעסיע.

די לעצטע אָבטיילונג איז אַן אויסברוך פון אַ פארוואונדעטער נשמה, וואָס רייסט זיך צו באַפרייאונג.

## סימפאָני נומער 2 „אַ זומער מאָרגן טרוים"

Symphony No. 2 "Summer Morning Dream"

די צווייטע סימפאָני גיט אַן אויסדרוק צו דעם פּעסימיזם, וואָס געפינט זיין רפואה אין גלויבן.

די ערשטע אָבטיילונג מאָלט פארצווייפלונג, וואָס קען ניט געטרייסט ווערן דורך דער שיינקייט פון דער נאַטור און ווייזט צוריק אַלע טרוימען וועגן צוקונפטיגער באַרימטקייט.

די צווייטע אָבטיילונג איז אַן אידיליע, וואָס ענדיגט זיך מיט דיזעלבע אומבאַפרידיגטע אינערלאכע שטרייטיקייטן.

די דריטע אָבטיילונג שילדערט דעם העלד, ווי ער פאַרשט דאָס מענשליכע לעבן און זיין ענטוישונג צוליב די אויביגע אומ־רוהען מיט וועלכע עס איז אָנגעפילט.

די פערטע אָבטיילונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען „אורליכט", באשטייט פון א סאָלאָ, באגלייט פון אָרקעסטער, אין וועלכער דער העלד באקלאָגט זיך אויף דער מענשליכער נויט און פיין, און ער דריקט אויס זיין וואונש צוריק אין הימל צו זיין. — „איך בין פון גאָט און וויל צו גאָט צוריק. דער ליבער גאָט וועט מיר א ליכט געבן וואָס וועט מיין וועג אויביג באלייכטן".

נאָך דעם קומט דער פינאַל, וואָס הויבט זיך אָן פון דעם אָרקעסטער און ענדיגט זיך מיט כאָראלע געזאנג, וואָס דריקט אויס דעם טריאומף פון גלויבן.



## זשול מאַסענע

באַרימטער פראַנצויזישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 12טן מאי. 1842, אין מאָנטאנד, געשטאָרבן אין דעם יאָר 1912. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראָס „מאַגאָן", „לע סיד", „טאַאיס", „ווערטער" און „עסקלארמאנדע", די מוזיק דראַמע „דער זשאָנגליר פון נאָטר דאָם", די 2 אָראַטאָריאָס „מאַריע מאגדאלען" און „חוה", די אָווערטור צו „פּעדרע" און די סוטס „אלזאסיענס", „נעאָפּאָליטאַנעס" און „לע עריניעס".

# סוט „סצענעס פון אלזאס"

Suite "Scenes Alsacennes"

דער סוט „סצענעס פון אלזאס" איז אינספירירט געוואָרן פון דער פאַר־לעצטער פראַנצויזיש־דייטשער מלחמה, אין וועלכער דער קאָמפּאָזיטאָר האָט גענומען אַן אַנטייל. די 4 אָפּטיילונגען זיינען באצייכענט מיט די אויפשריפטען:

1. זונטיג פרי.
2. אין שיינק.
3. אונטער די לינדן־בוימער.
4. זונטיג אָוונט.

די פאָלגנדע פּראָגראַם, וועלכע דער קאָמפּאָזיטאָר גיט איבער דער מוזיק, דערקלערט איר באדייטונג:

„. . . ספּעציעל איצט, ווען אלזאס איז ארומגערינגעלט מיט אַ וואַנט, קומען צוריק צו מיר אַלע פריערדיגע איינדרוקן פון פארלאָרענעם לאַנד...

„איך דערמאָן זיך מיט פארגעניגן ווי עס האָט אויסגעזען דער אַלזאַסער דאָרף זונטיג אין דער פרי אין דער צייט ווען דער עולם איז אין קירכע; די פאַרלאָזענע גאַסן, די ליידיגע הייזער, די אַלטיטשקע ביי די טירן און די געפּאַקטע קירכעס מיט די רעליגיעזע לידער וואָס האָבן זיך פון דאָרטן געהערט.

„און דער שיינק אין דער הויפּט גאַס מיט זיינע קליינע פענסטערלאַך וואָס זיינען באדעקט מיט בלומען...

„איי, שמיט, אַ טרונק!

„און דאָס געזאַנג פון די וואַלד־וועכטער, ווען זיי לייגן אוועק זייערע ביקסן.

„אָ, דאָס פריילאַכע לעבן און די לוסטיגע קאָמפּאַני...

„ווייטער אין דאָרף די רוהיקייט פון אַ זומערדיגן נאָכמיטאָג... אַ לאַנגע גאַס מיט לינדן־בוימער, אין וועמעס שאָטן עס שפּאַצירט געארעמט אַ יונגע פּאָרל; זי דריקט זיך לייכט צו אים און מורמלט ווייך: „ווועסטו מיך שטענדיג ליב האָבן?"

„אין אָוונט אויף דעם מארק פּלאַץ. וואָס פאר אַ טומל!

אַלע זיינען אין גאַס. אַ גרופּע יונגע מיידלאַך דרייען זיך אין אַ טאַנץ נאָך דער מוזיק פון די דאָרפישע לידער...

„8 אזייגער! אַ גערויש פון די באַראַבאַנען און טרובען אין די האָרנס... עס איז דער צוריקטריט... די פּראַנצויזן טרעטן אָפּ... אַלזאַס!... אַלזאַס!...

„און ווען עס האָט זיך פון ווייטן דערטראָגן דער לעצטער קלאַנג פון די באַראַבאַנען, האָבן די פרויען גערופן זייערע קינדער פון גאַס... די אַלטע האָבן אָנגעצונדן זייערע לאַנגע ליולקעס, און אונטער דער סקריפּעריי פון די פידלען האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דער פריילאַכער טאַנץ...

## סוט „לע עריניִעס"

Suite "Les Erinnyes"

דער סוט איז צוזאַמענגעשטעלט פון אינצידענטל מוזיק וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געשריבן פאַר דער טראַגעדיע פון לעקאָנט דע ליל, וועלכע איז באַזירט אויף דער מיטאָלאָגישער לעגענדע, ווי אַגאַמעמנאָן איז דערמאָרדעט געוואָרן און ווי זיין זון אָרעסטעס האָט נקמה גענומען.

די ערשטע אָפּטיילונג באַשטייט פון אַ ליידנשאַפטליכער טעמע וואָס פירט צו אַ גריכישן טאַנץ אין דריי טיילן.

די צווייטע אָפּטיילונג מאָלט די באַערדיגונג צערעמאָניע ביי דעם קבר פון אַגאַמעמנאָן און באַשטייט פון אַ טרויעריגן טאַנץ־ריטם. די טריאָ איז אַ תפילה־געזאַנג, אין וועלכער די טשעלאָ שפּילט אַ פּאַטעטישע מעלאָדי. צום שלוס איז די ערשטע טייל פון דעם סוט ווידערהאָלט.

דער פינאַל איז אַ טאַנץ־טעמע וואָס באַשטייט פון אַ סעריע פון געדרייטע פיגורן.

## עלעגיע

Elegie

די ווערטער פון דער פּאָעמע אויף וועלכען די עלעגיע איז באַזירט זיינען ווי פאָלגט:

„די פרישע פרילינג טעג פון דער בליהענדער פאַרגאַנגענ־הייט האָבן מיך אויף אייביג פאַרלאָזן. מער וועל איך שוין ניט זען די שמייכלענדע הימלען, ווייל מיין געליבטע איז ווייט אוועק. די פויגעלאַך הער איך ניט זינגענדיג אין די גרינע צווייגן, די זון איז אונטערגעגאַנגען און איבעראַל איז פינסטער ווי אין קבר, אַלע זיסע פאַרגעניגנס פון מיין לעבן זיינען פאַרשוואונדן, מיין האַרץ איז טויט און שווער“.

# אָווערטור צו „פעדרע“

## Overture to “Phedre”

די אָווערטור פאָלגט נאָך די געשיכטע פון רייסין׳ס טראַ־געדיע, וועלכע איז באַזירט אויף דער גריכישער מיטאָלאָגיע. פעדרע, די טאָכטער פון קריטאַנישן קעניג, הייראַט דעם גאָט טעזעאוס און פאַרליבט זיך נאָכהער אין זיין זון היפּאָליטים. טעזעאוס ווערט אייפערזיכטיג און גיט איבער זיין זון צום ים־גאָט נעפּטון, וועלכער שיקט אַ גרויסן ים־מאָנסטער אין דער צייט ווען היפּאָליטים פאָרט אין זיין קאַרעטע. די פערד דערשרעקן זיך און ער ווערט געטויטעט. דער געטליכער דאָקטאָר, עסקו־לאַפּוס, מאַכט אים אָבער צוריק לעבעדיג, און די געטין דיאַנא טראָגט אים אַריבער אין איטאַליען, וואו ער לעבט גליקליך אונ־טער דעם שוץ פון דער נימפע ענעריע.

די אָווערטור עפנט זיך מיט אַן אַריינפיר וואָס גייט איבער צו אַ טעמע פאַר דעם קלאַרנעט און שטעלט פאָר פעדרע׳ס טרויער איבער איר ניט באַפרידיגטער ליבע. נאָך אַ קאָנטער טעמע הערט מען ווידער די עפנונג־טעמע וואָס פירט צו אַ ליידנ־שאַפטליכן אויסברוך ווען היפּאָליט האַלט ביים אוועקגיין. די פידלען פאָלגן נאָך מיט פעדרע׳ס ליבעס־דערקלערונג צו היפּאָ־ליט׳ן. דאַן קומט דער שטורעם וואָס דריקט אויס נעפּטון׳ס צאָרן. דער טעמאַטישער מאַטעריאַל ווערט אַנטוויקלט און די אָווערטור ענדיגט זיך מיט דער זעלבער טעמע ווי אין אָנהויב.



# פעליקס מענדעלסאָן

וועלט־באַרימטער אידישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 3טן פעב־רואַר, 1809, אין האַמבורג; געשטאָרבן דעם 4טן נאָוועמבער, 1847. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָווערטורס „מיטן זומער נאַכט טרוים", „די העברידן", „שטילער ים און דערפאָלגרייכע רייזע" און „מעלוזינא", די „איטאַליענישע", „סקאָטישע" און „רעפאָרמאַציע" סימ־פאָנים, די אָראַטאָריעס „אליהו" און „סט. פאול", די סימפאָני קאַנטאַטאַ „הימן פון ליבע", די אינצידענטל מוזיק צו „אַנטיגאָנע" און „עדיפּוס", „די קאַפּריציא בריליאַנטע", די „לידער אָן ווערטער" און די קאָנצערטאָס 1 און 2.

## אַ מיטן זומער נאַכט טרוים

A Midsummer Night's Dream

די מוזיק צו שעקספּיר'ס „מיטן זומער נאַכט טרוים" באַ־שטייט פון צוויי טיילן, אַן אָווערטור און אינצידענטל מוזיק צו די פאַרשידענע סצענעס פון דער דראַמע.

די אָווערטור אַנטהאַלט אַלע מאָטיוון פון דער דראַמע — די לידער און טענץ פון די צויבערינס, דאָס געיעג פון די געליבטע, דעם טאַנץ פון די דאָרפישע פּאַיאַצן, די באַוועגונגען פון טיטאַניא

און די לופט קונצן פון פאַק. די ערשטע אַקאָרדן פירן אונז גלייך אַריין אין דעם פאַר'כישוף'טן קעניגרייך. נאָך עטלאַכע פיגורן פון צויבער־מוזיק, הויבט זיך אָן די יאַכט־מעלאָדיע, נאָכגעפאָלגט פון אַן איינפאַכער ליבעס־מעלאָדיע וואָס פירט צו אַ שפּאַסיגן ספּעקטאַקל מיט אַ קאָמישער נאָכמאַכונג פון אַן אייזל'ס געשריי. די אַנטוויקלונג איז פול מיט טומל, שפּילעוודיקייט און שפּאַס פון די שדים. צום שלוס הערן מיר ווידער די מאַגישע פאָרמולע פון דעם אַריינפיר וואָס לייזט אויף דעם חלום וועלכן זי האָט פריהער אַרויסגערופן.

די אינצידענטל מוזיק, איינגעטיילט אין צוועלף נומערן, אילוסטרירט די פאַרשידענע טיילן פון דער דראַמע.

דער ערשטער נומער דעקט אויף די צויבער וועלט פון טיטאַניא און אָבעראָן מיט די שדים און זייערע בלוטיגע שפּאַסן וואָס ווערן פון צייט צו צייט אונטערבראָכן דורך די שמערצלאַכע אויסגעשרייען פון די געמאַטערטע געליבטע.

דער צווייטער נומער אַקאָמפּאַנירט די ערשטע סצענע פון צווייטן אַקט — דעם ענטפער פון שד צו פּאַקן און די פאָרטזעצונג פון זייער דיאַלאָג, ביז עס ווערט אונטערבראָכן דורך דעם אָנקומען פון אָבעראָן און טיטאַניאַ. דאַן פירט די מוזיק צו ביז דעם מאַרש פון די מכשפות. ביים שלוס באַגלייט די מוזיק דעם דיאַלאָג צווישן אָבעראָן און טיטאַניאַ, אָבעראָן'ס אינסטרוקציעס צו פּאַקן און דעם צוזאַמענשטויס פון דעמעטריאוס און העלענאַ.

דער דריטער נומער איז אַ סאָלאָ און כאָר פון דעם אָנהויב פון צווייטן אַקט, וועלכער שליסט זיך מיט דעם אַוועקגיין פון די מכשפות און טיטאַניאַ'ס שלאָף.

דער פערטער נומער באַגלייט דעם עפּיזאָד, ווען אָבעראָן דריקט אויס די זאַפט פון דער בלום איבער טיטאַניאַ'ס אויגן, און דעם קורצן דיאַלאָג צווישן ליזאַנדער און הערמיאַ.

דער פינפטער נומער איז אַן אינטערמעצאָ וואָס באַגלייט דעמעטריאַ'ס אַרומלויפן זוכנדיג העלענאַ, איר צוזאַמענשטויס מיט ליסאַנדערן און די מאַגישע רעזולטאַטן דערפון. עס פירט צו דעם אַרויסטרעטן פון די דאָרפישע אַקטיאָרן און צו דעם אָנהויב פון דריטן אַקט.

דער זעקסטער נומער באַגלייט די פּראָבעס פון די אַקטיאָרן, פּאַק'ס אונטערברעכונג און די בייזע שפּיצלאַך וואָס ער שפּילט זיי אָפּ, טיטאַניאַ'ס דערוואַכונג און די ליבעס־דערקלערונג צו באָטאַם, דאָס אָנקומען פון די צויבערינס און די נאָכפאָלגנדע פּאַסירונגען פון הערמיאַ און דעמעטריאוס און ליסאַנדער מיט העלענאַ.

דער זיבעטער נומער איז די גוט באַקאַנטע נאָקטורן וואָס ווערט געשפּילט צווישן דעם דריטן און פערטן אַקט. די פיר געליבטע ליגן און שלאָפן אין וואַלד און אונטער די טענער פון דער דאָזיגער מעלאָדיע דערשיינט פּאָק מיט דעם מיטל וואָס דאַרף צווישן זיי אויסגלייכן דעם פּלאָנטער און זיי אַלע מאַכן גליקלאַך.

דער אַכטער נומער אַקאָמפּאַנירט אָבעראָן'ס פריינדלאַכע אויפנאַמע פון פּאָק'ן, טיטאַניאַ'ס דערוואַכונג, דעם דיאַלאָג צווישן איר און אָבעראָן און דאָס אָנקומען פון טעזעאוס, איפּאָ־ליט'ן און זייערע באַגלייטער.

דער ניינטער נומער איז דער חתונה־מאַרש צום שלוס פון פערטן אַקט.

דער צענטער נומער באַגלייט אין דעם פינפטן אַקט דעם טראַגישן טויט פון פּיראַמוס און טהיזבע.

דער עלפטער נומער באַגלייט דעם טאַנץ ביז ער ווערט אונ־טערבראָכן פון טעזעאוס.

דער צוועלפטער נומער הויבט זיך אָן מיט דעם אָפּגיין פון דער חתונה־פּראָצעסיע ווען פּאָק גיט זיין טרויעריגן מאָנאָלאָג, און פירט צו דעם פינאַל — דאָס זינגען און טאַנצען פון די צויבערינס, ווען אָבעראָן בענשט דעם פּאַלאַץ און גיט זיין ברכה צו די דריי גליקלאַכע פּאָרלאַך.

## אָווערטור צו „פיגנאַל'ס הייל" (די העברידן)

### Overture to Fignal's Cave (The Hebrides)

די דאָזיגע אָווערטור איז אַ רעזולטאַט פון די איינדרוקן וועלכע דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געהאַט, באַזוכנדיג די העברידן.

עס עפנט זיך מיט א טעמע וואָס דריקט אויס די געפילן פון אומעט וועלכע פאַלן אָן ווען מען געפינט זיך אין יענעם פלאַץ. די צווייטע טעמע אילוסטרירט די באַוועגונג פון ים, און דריקט אויס אין איר אַנטוויקלונג א לעבעדיגע און פּאַטעטישע באַשרייבונג פון די געשרייען פון ים־פויגל, די קלאַנגדע טענער פון ווינט און דעם לאַנגזאַמען איבערגאַנג פון ים צו א שטורמ־דיגן צושטאַנד. ווען עס שטילט זיך איין, קערט זיך די ערשטע טעמע צוריק. נאָך אַן אויסברייטונג און אַנטוויקלונג פון דער ערשטער טעמע ענדיגט זיך די אָווערטור מיט א קורצער קאָדא.

## אָווערטור „א רוהיגער ים און א דערפאָלגרייכע רייזע"

Overture "Calm Sea and Prosperous Voyage"

די דאָזיגע אָווערטור איז געשריבן געוואָרן צו אילוסטרירן געטע׳ס צוויי פּאָעמעס, וועלכע לעזן זיך אין פּראָזע ווי פאָלגט:

### רוהיגער ים

„א פאָלקאָמענע שטילקייט הערשט אין די וואַסערן; דער ים רוט באַוועגלאָז, און דער נייגעריגער רייזנדער באַטראַכט דעם גלאַטן אויבערפלאַך אַרום אים. קיין ווינטעלע אין ערגעץ; א טויטע רוהיקייט; איבער דעם אונענדליכן רוים באַוועגט זיך ניט קיין איינציגע כוואַליע".

### דערפאָלגרייכע רייזע

„די לופט איז ריין, דער הימל קלאָר און דער ווינט בלאָזט אויף דעם ציטערנדען לייוונט. די מאַטראָסן לעבן אויף. שנע־לער! שנעלער! די כוואַליעס ווערן דורכגעשניטן און פון ווייטן דערנענטערן זיך שוין די באַקאַנטע געגנדן. מען זעט שוין לאַנד!"

די „אַדאַגיאָ" מאָלט די טויטע רוהיקייט און באַוועגלאָזע שטילקייט פון דעם ים. די פליייט־אויסרופן, וועלכע ענדיגן די אָפּטיילונג, אַנאָנסירן די ענדערונג וואָס קומט פאָר.

די רייזע הויבט זיך אָן. עס עפנט זיך מיט א לאַנגן פאָר־שפּיל וואָס באַצייכנט דעם טומל פון די פאָרבאַרייטונגען וואָס

ווערן געמאַכט אויפ'ן שיף, און דאָס הויבן זיך פון ים. עס ווערט נאָכגעפאָלגט פון אַ טעמע וואָס גיט אַן אָנדייטונג אויף דעם דערהויבענעם גייסט פון די רייזנדע. דער שלוס שילדערט ווי די שיף קומט אָן אין פּאָרט און ווי עס קומען פאָר די פרייליכע באַגריסונגען.

## אָוועַרטור „מעלוזינאַ"

Overture "Melusina"

די אָוועַרטור „מעלוזינאַ" איז פאַרפאַסט געוואָרן אַלס אי־לוסטראַציע צו אַ לעגענדע פון לודוויג טיק. דער אינהאַלט פון דער לעגענדע איז אין קורצן ווי פאָלגט:

די ים נימפע, מעלוזינאַ, טויטעט איר פאָטער און באַגראָבט אים אין אַ באַרג דערפאַר וואָס ער האָט שלעכט באַהאַנדלט איר מוטער. אַלס אַ שטראָף פאַר איר טאַט, ווערט זי פראַורטיילט, אַז זי זאָל יעדן לעצטן טאָג אין וואָך פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שלאַנג.

ווען זי האָט שפּעטער חתונה מיט דעם גראַף ריימאָנד, נעמט זי מיט אים אויס אַ תנאי, אַז ער זאָל ניט זוכן אויסצו־געפינען וואָס זי טוט אין דעם טאָג. דער גראַף האַלט אָבער ניט זיין וואָרט. געררייצט פון אייפערזוכט, באַהאַלט ער זיך און זעט ווי עס קומט פאָר די פאַרוואַנדלונג. דאָס מאַכט אַ סוף צו זייער גליקליכן צוזאַמענלעבן. מעלוזינאַ ווערט געצוואונגען צו פאַר־לאָזן איר מאַן, בייטן די מענשליכע פאָרם און ארומוואַנדערן אַלס גייסט ביז יענער צייט ווען מען וועט איר מוחל זיין איר זינד.

די עפענונג־טעמע פון דער אָוועַרטור מאָלט די שיינקייט און ליבליכקייט פון מעלוזינאַ, די שווערקייט פון איר גורל און דעם דאָפּעלטן לעבן אירן. די צווייטע טעמע גיט אַן אָנדייטונג אויף מעלוזינאַ'ס חתונה און די דריטע טעמע איז אַ ליבעס־מאָטיוו. דער שלוס שילדערט ריימאָנד'ס פאַטאַלע אַנטדעקונג פון זיין ווייב'ס סוד און דאָס פאַרשווינדן פון זייער גליק. עס ענדיגט זיך מיט מעלוזינאַ'ס פאַרצווייפלטע יאָמער־געשרייען אין דעם מאָמענט ווען איר מאַן שטאַרבט.



# מאָדעסט מוסאָרגסקי

איינער פון די גרעסטע רוסישע קאָמפּאָזיטאָרן. געבאָרן דעם 16טן מערץ, 1839, אין קארעוו; געשטאָרבן אין דעם יאָר 1881. זיינע וויכ־טיגסטע ווערק זיינען: די אָפּערעס „באָריס גאָדונאָוו", „כאוואנשטשינא" און „דער יריד אין סאָראָטשניק", די סימפאָנישע פּאָעמע „ביינאַכט אויף אַ פּאַר'כישופ'טן באַרג", סקערצא אין „בי" און אינטערמעצאָ אין „בי מיינאָר".

## סימפאָנישע פּאָעמע „ביינאכט אויף דעם פּאַרכישופטן באַרג"

Symphonic Poem "A Night on Bald Mountain

די דאָזיגע פּאָעמע איז באַזירט אויף דעם אַבערגלויבן וואָס האָט געהערשט צווישן געוויסע טיילן פון די רוסישע פּויערים, אַז אין דער נאַכט פון איוואַן קופּאַלאַ ווערט אויף דעם גרויסן באַרג וואָס געפינט זיך לעבן קיעוו געפייערט די וואַלפּורגיס־נאַכט פון באַבאַ יאַגאַ און אַנדערע מכשפות. דאָרטן טרעפן זיך די מכשפים און מכשפות נאָך האַלבע נאַכט און אונטערהאַלטן זיך מיט געזאַנג און טענץ ביז אין דער פרי. כּדי צו פאַרהיטן, אַז די מכשפות זאָלן ניט מאַכען קיין הזיקות, פּלעגן די פּויערים

אוועקשטעלן יענע נאַכט אויף די פענסטער אָדער ביי די טירן שטעכעדיגע פלאַנצן.

פאָלגנדע פּראָגראַם, געגעבן פון דעם קאָמפּאָזיטאָר איבער דער מוזיק, באַצייכנט איר אינהאַלט:

„פון אונטער דער ערד דערטראָגט זיך אַ גערויש פון איבער־נאַטירליכע קולות. עס דערשיינען די גייסטער פון פינסטערניש, נאָכגעפאָלגט פון שטן, און עס הויבט זיך אָן דער מכשפות־שבת. ווען די אונטערהאַלטונג זייערע דערגרייכט די העכסטע מדרגה, דערהערט זיך פון ווייטען דער גלאָקן־קלאַנג פון דער קליינער דאָרפישער קירכע און די פינסטערע גייסטער פאַרשווינדן. עס טאָגט".



# וואָלפגאַנג מאָזאַרט

וועלט־באַרימטער עסטרייכישער פיאַניסט און קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 27טן יאַנואַר, 1756, אין זאַלצבורג; געשטאָרבן דעם 5טן דעצעמבער, 1791. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראָס „דאָן זשיאָוואַני", די „צויבערפלויט" און „די הייראַט פון פיגאַראָ", די סימפאָניס אין „אי", אין „דזשי מיינאָר" און אין „סי", די „רעקוויאום", סוט „מעסס אין עף", 6 פידל־קאָנצערטאָס, טריאָ אין „אי פלעט" און 2 פון די קוואַרטעטן.

## אָווערטור צו „דאָן זשיאָוואַני"

## Overture to "Don Giovanni"

די אָפּערא גיט איבער די פּאסירונגען פון דעם צולאַזונגעם שפּאַנישן נאָבלמאַן, דאָן זשיאָוואַני, וועלכער זוכט אוועקצורויבן דעם קאָמענדאַנט'ס שיינע טאָכטער, דאָננאַ אַננאַ, ווי ער טויטעט איר פאָטער, ווי ער לאַדט איין אין אַ שפּאַס די סטאַטוע פון דעם קאָמענדאַנט צו אַ באַנקעט, ווי די סטאַטוע נעמט אָן די איינלאַדונג און ווי דער העלד ווערט אוועקגעשלעפּט פון אַ מחנה טייוואָלים אין גיהנום.

די אָווערטור שילדערט דעם לעצטן טייל פון דער אָפּערא. מען הערט דייטליך ווי די סטאַטוע שטימט איין צו גיין אויף דעם באַנקעט, ווי זי וואָרנט אים נאָכהער אַז ער זאָל תשובה טאָן אויף זיינע זינד און ווי דער העלד באַקומט זיין פּסק.



סערגיי ראַכמאַנינאָוו

באַוואוסטער רוסישער פּיאַניסט, דיריגענט און קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 1טן אַפּריל, 1873, אין נאָווגאָראָד. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראַס „אַלעקאָ" און „דער קאַרגער ריטער", 3 סימפאָניס, די סימפאָנישע פּאָעמע „דער אינזל פון טויט", די פּיאַנאָ קאָנצערטאָ נומער 2, די 4 פּרעלוידס, די „סאָנאַטע", „הומאָרעסק" און „באַרקעראָלע".

# „די גלאָקן״ סימפאָני.

"The Bell" Symphony

די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע איז אַ מוזיקאַלישע אילוסטראַציע אויף עדגאַר פּאָע׳ס באַרימטע פּאָעמע מיט דעמזעלבן נאָמען, אין דער בעאַרבייטונג פון דעם רוסישן דיכטער באַלמאָנט. די פּאָעמע אין באַלמאָנט׳ס בעאַרבייטונג איז ווי פאָלגט:

.1

הערסט, שליטלאַך גליטשן זיך כסדר,
גליטשן זיך כסדר!
גלעקלאַך קלינגען;
מיט אַ לייכטן זילבער־קלאַנג פילן זיי דעם אויער אָן,
מיטן זינגען און גערויש פון פאַרגעסונג ריידן זיי.
אָ ווי קלינגענד, קלינגענד, קלינגענד,
ס׳הילכט פּונקט ווי אַ קינדערשער געלעכטער.
אין דעם קלאָרן לופט בייַנאַכט דערציילן אונז די קלאַנגען,
אַז עס וועט נאָך שפּעטער,
נאָך די טעג פון בלאָנדזשעניש,
די ווידערגעבורט קומען,
און אַז צויבערליך איז די הנאה פון דעם צאַרטן שלאָף.

. . . . . . . . . . . . .

גליטשן זיך די שליטעלאַך, גליטשן זיך כסדר,
ס׳קלינגען זיס די גלעקעלאַך,
און ס׳הערן זיך די שטערנס צו,
ווי ס׳ריידן אין געלאָף די גלעקעלאַך,
פאַרנעמען זיי די קלאַנגען און זיי ברענען
און זיי טרוימען שטיל און גלאַנצן,
שווימענדיג ווי גייסטער אין דעם הימל,
מיט אַ שיין געענדערטן און שטילן צויבער,
מיטן קלאַנג און דעם גערויש
פון פאַרגעסונג ריידן זיי.

.2

הערסט, דאָרט אויף דער חתונה
אַ קלאַנג אַ הייליגער, אַ גאָלדענער!
וויפיל צערטליכקייט עס ליגט אין יונגן ליד!
דורך דער לופט דער רוהיגער פון נאַכט
קוקן, פונקט ווי אויגן אימיצנס, און גלאַנצן,
פון דער כוואַליע זיסע קלאַנגען
קוקן זיי אויף דער לבנה,
פון די צוציהענדע, וואונדערליכע קאַמערן,
מיט פרייד, מיט צויבערליכער פול,
וואַקסן, פאַלנדיג די שפּריצן ליכטיגע און פליהען...
ווערן זיי דאָ בלאַס, דאָ גלאַנציג ווידער
און פאַרלירן זייער העלן בליק אויף דעם וואָס קומט,
וואו ס'דרעמלט איין די רוהיקייט פון צאַרטע טרוימען,
וואָס פאַרשפּרעכן אונז די גליקלאַך גאָלדענע.

.3

הערסט דעם יאָמער קלאַנג פון גלאָק,
פונקט ווי עס קרעכצט דער גיהנום קופּערנער!
די קלאַנגען, אין אַ ווילדען שמערץ,
דערציילן אַ געשיכטע שרעקליכע,
און עס דוכט זיך אַז זיי רופן אימיצן נאָך הילף,
זיי וואַרפן אַ געשריי גלייך אין דער נאַכט אַריין,
גלייך אין די אויערן פון נאַכט גייט זייער קלאַנג,
דאָ לייגער און דאָ קירצער שרייט ער אויס זיין שרעק —
דער שרעק איז אַזוי גרויס און ווילד זייער געשריי,
אַז די קלאַנגען, אָבגעהאַקטע, אונפייאיג צו קלינגען,
קענען בלויז זיך קלאַפּן, דרייען,
שרייען, שרייען, שרייען!

.4

הערסט דאָרט אַ לויה־קלאַנג, אַ לאַנגער קלאַנג!!
פון טרויער ביטערן עס הערן זיך די קלאַנגען,

פון לעבן ביטערן געענדיגט איז דער טרוים,
דער קלאַנג דער אייזערנער זאָגט אונז די בשורה אָן!
מיר ציטערן ניט ווילנדיג און איילן זיך
פון אונזער אונטערהאַלטונג,
מיר טרויערן פון דעם געדאַנק,
אַז אויך מיר וועלן דעם גורל טיילן.
אונפאַרענדערט, מאָנאָטאָן הילכט יענער קלאַנג,
דער שווערער טרויער קלאַנג איז ווי אַ זיפץ,
אַ טרויעריגער, צאָרנדיגער און אַ וויינענדיגער
גייט ער איבער אין אַ לאַנגן ברום און זאָגט אָן,
אַז דער ליידנדער איז איינגעשלאָפן שוין.
אין די גלאָקן קאמערלאַך פארזשאווערטע
האָט ער פאר די גערעכטע און די אונגערעכטע
מורא׳דיג גע׳חזר׳ט וועגן איינס,
אַז אויפן הארצן ליגן וועט אַ שטיין
און די אויגן וועלן זיך פארשליסן.
אַ טרויעריגער פאקל ברענט,
פון גלאָקן קאמער הערט זיך אַ געשריי,
פונקט ווי עס רעדט דאָרט אימיצער
וואָס שטייט אין שווארצן אָנגעטאָן
און לאַכט און דונערט.
עס ברומט, עס ברומט, עס ברומט
און פאַלט נאָענט צו דעם גלאָק,
עס וויגט זיך היין און הער דער קלינגענדיגער גלאָק,
עס קרעכצט דער קלינגענדיגער גלאָק,
ער זיפצט אין לופט און זאָגט אָן
אויסגעצויגן וועגן קבר רו.

## סימפאָנישע פּאָעמע „דער אינזעל פון טויט".

Symphonic Poem "The Isle of Death"

די סימפאָנישע פּאָעמע „דער אינזל פון טויט" איז באַזירט אויף אַרנאָלד באקלין׳ס בילד מיט דעמזעלבן נאָמען, וואָס איז אינספּירירט געוואָרן פון דער גרופּע פאנזא אינזלען אין איטאַליע.

עס הויבט זיך אָן מיט א לאַנגזאַמער און יאָמערנדער פּראַזע, נאָכגעפאָלגט פון א פיגור וואָס דריקט אויס דעם געוויש פון די ביואָליעס וואָס שטויסן זיך צום ברעג. די פארשידענע טעמעס און עפּיזאָדן וואָס קומען נאָך דעם זיינען פון א מעלאַנכאָלישן כאַראַקטער, צוגעפּאַסט צו דעו' שטימונג וואָס עס ווערט דער־וועקט ביי דעם אָנבליק פון בילד. די קאָמפּאָזיציע ענדיגט זיך מיט דעם „כוואַליעס" מאָטיוו פון דער ערשטער אבטיילונג.



# יאָאַכים ראַף

באַרימטער שווייצאַרישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 27טן מאַי, 1822, אין לאכען; געשטאָרבן דעם 25טן יוני, 1882. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: 9 סימפאָניס, די „פעסטיוול" און יובילויי אָווערטורס, קאָנצערטאָ אין „סי מיידזשאָר", סוט פאַר פידל און קאָנצערטאָ פאַר טשעלאָ.

## סימפאָני נומער 3 (אין וואַלד)

### Symphony No. 3 (In the Woods)

די 3טע סימפאָני מאָלט א בילד פון וואַלד-לעבען, און די דריי אָפּטיילונגען ווערן באַצייכנט מיט פאָלגנדע אויפשריפטן:

1. בייטאָג. איינדרוקן און געפילן.

2. ביים זונען־אונטערגאנג. טרוימען. טאַנץ פון די וואַלד־נימפעס.

3. נאַכט. דאָס שטילע וועבן פון דער נאַכט אין וואַלד. דאָס אָנקומען און פאַרשווינדן פון דעם ווילדן יאַכט מיט דער פרוי האָללע און גאָט וואָטאַן. אויסברוך פון טאָג.

די ערשטע אָפּטיילונג גיט איבער די געפילן פון אַ נאַטור־ליבהאָבער, וועלכער געפינט זיך אין אַ זומערדיגן טאָג אין וואַלד. דער אריינפיר איז פול מיט דאָרפישע און מיסטעריעזע אָפּ־קלאַנגען פון די וועלדער. די דאָזיגע שטימונג איז אנטוויקלט אין דער ברייט און די קאָדא שליסט די אָפּטיילונג מיט אַ בילד וואָס איז פול מיט רוהיגע איבעראַשונגען פון וואַלד־לעבן.

נאָך אַ קורצן אריינפיר, הויבט זיך אָן די לאַרגאָ מיט אַ מעלאָדיע, וועלכע רופט ארויס זיסע ערינערונגען און טרוימען.

די סקערצאָ עפנט זיך מיט אַ לעבעדיגער מעלאָדיע פון די פלייטן און עס הויבט זיך אָן דער טאַנץ פון די וואַלד־נימפעס, נאָכגעפאָלגט פון אַ טרוים־מאָטיוו.

אין דער לעצטער אָפּטיילונג ווערט דורך אַ מיסטעריעזער טעמע געמאָלן די פינסטערניש און פייערליכקייט פון דער נאַכט אין וואַלד. עס דערשיינען די בייזע גייסטער, וועלכע דערהויבן זיך פון גרויסע הייל אין דער ערד און הויבן אָן אַ ווילדן געיעג אין דער לופט. דער יאַכט ווערט אַלץ נענטער און גייט דורך אין אַ טומלדיגן אויסברוך פון אָרקעסטער, ביז ער שטאַרבט אָפּ, און עס ווערט ווידער רוהיג. עס הויבט זיך דאַן אָן אַ טעמע פון דער ערשטער אָפּטיילונג, וועלכע מאָלט דעם פרימאָרגן פון דעם נייעם טאָג.

## סימפאָני נומער 5 (לענאָרע)

Symphony No. 5 (Lenore)

די דריי אָפּטיילונגען פון דער סימפאָני טראָגן פאָלגנדע אויפשריפטן :

1. ליבעס־גליק.
2. שיידונג.
3. ווידער־פאַראייניגונג.

די מוזיק פון דער דאָזיגער סימפאָני איז געשריבן געוואָרן צו אילוסטרירן בערגער׳ס באַלאַדע „לענאָרע“, אָבער אין די ערשטע צוויי אָפּטיילונגען האָט דער קאָמפּאָזיטאָר צוגעגעבן וואָס דער פּאָעט האָט אין זינען געהאַט און אויך געמאַכט קליינע ענדערונגען.

אין דער באַלאַדע באַקלאָגט לענאָרע איר געליבטן וויליאַם, וועלכער איז אַוועק אין דער מלחמה און זי האָט פון אים קיין ידיעה, אין דער צייט ווען עס איז שוין דערקלערט געוואָרן פרידן. זי ווערט משוגע פון ערגערניש און שילט גאָט. ביינאַכט הערט זי פּלוצלונג ווי ביי איר טיר שטעלט זיך אָפּ אַ פערד און דער רייטער קלאַפּט אָן. עס איז איר געליבטער, וועלכער הייסט איר זיך זעצן רייטנדיג הינטער אים. לענאָרע פאָלגט און זיי פליען ביידע אַוועק, דורכשניידנדיג די פינסטערניש. זייער געיעג איז ווילד און שרעקליך. זיי שוועבן פאַרביי אַ לויה און די באַגלייטער לאָזן איבער דעם טויטן און פאַראייניגן זיך מיט זיי אין דעם ווילדן געלאַף. פאַרטאָג קומען זיי ענדלאך אָן אויף אַ פּלאַץ וואו עס געפינט זיך אַ בית־עולם און זיי ברעכן דורך דעם אייזערנעם טויער. וויליאַם אַנטדעקט זיך דאַן פאַר איר אַלס אַ סקעלעט און די אונגליקליכע לענאָרע באַפרייט זיך ענדליך פון אירע ליידן.

די ערשטע אָפּטיילונג פון דער סימפאָניע באַשטייט פון צוויי טיילן. די הויפּט־טעמעס פון דעם ערשטן טייל דריקן אויס די גליקליכע ליידנשאַפטליכע סצענעס צווישן די געליבטע, די צערטליכקייט און ביינקעניש, וועלכע גייט איבער נאָכהער אין זאָרג און איבערטראַכטונגען. די צווייטע טייל פון דער אָפּטיילונג שטעלט פאָר די ליבעס־געשפּרעכן פון לענאָרע און וויליאַם.

די צווייטע אָפּטיילונג איז אין אַ מאַרש־פאָרם. די מלחמה האָט אויסגעבראָכן און די געליבטע מוזן זיך שיידן. דער מאַרש ווערט אונטערבראָכן דורך אַן עפּיזאָד פון אַן אויפרעגנדן כאַראַקטער, וועלכער מאָלט די שיידונג פון די געליבטע און לענאָרע׳ס צער און פאַרצווייפלונג. דער מאַרש הויבט זיך ווידער אָן און שטאַרבט לאַנגזאַם אָפּ.

די לעצטע אָפּטיילונג עפנט זיך מיט אַ טעמע, וועלכע דריקט אויס לענאָרע׳ס קלאָגן נאָך איר געליבטן. דאַן פאָלגט אַ בילד

פון איר שיקזאַל אין אַ קורצער פּראַזע פון טראָמבאָנס. די טריאָ פון מאַרש גיט איבער די געשיכטע פון איר פאַרצווייפלונג, ווען די אַרמיי איז צוריקגעקומען אָן איר געליבטן. נאָכדעם קומט ווידער די ערשטע טעמע וועלכע פירט צו אַ פיגור וואָס שטעלט פאָר דאָס קלאַפּן פון פערד'ס פוס־טריט. דער גלעקל קלינגט ווייך, און לענאָרע גייט אַרונטער צו באַגעגענען איר געליבטן. דאָ הויבט זיך אָן דער ווילדער געיעג. אין מיטן פון דער שרעקליכער רייזע הערט זיך אַ טרויער־מעלאָדיע וועלכע שטעלט פאָר דאָס בילד פון דער לויה און אַ צויבער־טעמע פון דעם שדים־טאַנץ, באַגלייט פון די ווילדע געשרייען פון די נאַכט־פויגל. דער געיעג הויבט זיך אָן מיט מער קראַפט, ביז די רייטער דערגרייכן דעם בית־עולם. נאָך אַ קורצער פּאַוזע הערן זיך כאָראַלע טענער מיט אַ טרויעריגן און צאַרטן אַקאָמפּאַנימענט. די אומגליקליכע לענאָרע האָט ענדלאַך רו געפונען.

## סימפאָני נומער 8 (פרילינגס קלאַנגען)

Symphony No. 8 (Sounds of Spring)

די 4 אָפּטיילונגען פון דער פרילינגס־סימפאָני ווערן באַצייכנט מיט פאָלגנדע אויפשריפטן:

1. דערוואַכונג פון דער נאַטור.
2. וואַלפּורגיס נאַכט.
3. ערשטע בליהונגען פון פרילינג.
4. די פריידן פון וואַנדערן.

די ערשטע אָפּטיילונג הויבט זיך אָן מיט אַן אַריינפיר וואָס באַצוועקט צו מאָלן די רוהיקייט פון דער נאַטור איידער זי דערוואַכט פון איר ווינטער־שלאָף.

דאָס ווערט נאָכגעפאָלגט פון טעמעס, וועלכע שילדערן די פולע דערוואַכונג, און די אָפּטיילונג שליסט זיך מיט אַ יובלדיגן אויסברוך, וואָס גיט אָן אָנדייטונג אויף אַ כאָר פון לויב־געזאַנגען.

די צווייטע אָפּטיילונג ברענגט אונז אין אַ וועלט פון איינבילדונג. מכשפות קומען אָן שטיל פון אַלע זייטן און הויבן אָן זייער טומלדיגע מיי־אָרגיע, אָנפילנדיג די לופט מיט שרעקלאַכע

קלאַנגען. אַ ווילדע און מורא׳דיגע טאַראַנטעלאַ אַקאָמפּאַנירט זייער געזאַנג ווען זיי ברענגען זייער קרבן. דאַן ווערט פּלוצלונג אַ טומל און די גייסטער פאַרשווינדען אין איילעניש, ווייל דער פרימאָרגן קומט אָן.

די דריטע אָפּטיילונג באַצוועקט צו מאָלען דעם פרילינג מיט זיינע ערשטע בליהונגען און מעלאָדישן געזאַנג פון די פויגעלאך. צום שלוס איז אַ רעאַליסטישע נאָכאַמונג פון אַ גלאָקן־קלאַנג.

אין דער פערטער אָפּטיילונג הערט זיך אָן אָפּקלאַנג פון דעם גערויש און טומל פון די ערשטע צוויי. דער פרילינג איז אוועק און דער וואַנדערער איז אַרויס איבער דער וועלט, זוכנדיג פרייהייט און גליק.

## סימפאָני „צום פאַטערלאַנד“

Symphony “To the Fatherland”

די אידייען וואָס ווערן אויסגעדריקט אין די פינף אָפּטיי־לונגען פון דער דאָזיגער סימפאָני זיינען, ווי עס ווערט איבער־געגעבן אין דעם פאָרוואָרט פון קאָמפּאָזיטאָר, ווי פאָלגט:

די פיר טעמעס פון דער „אַלעגראָ“ דריקן אויס דאָס פרייע שטרעבן, טיפן נאָכדיינקען, אויסגעבילדעטע מאָראַל און אויס־דויער.

אין דער „סקערצאָ“ ווערט געמאָלן אַ בילד פון יונגע־לייט און מיידלאך, וועלכע שפּאַצירן שטיפעריש איבער׳ן וואַלד, אונ־טער דעם קלאַנג פון די האָרנס און פרייליכע פאָלקס־לידער.

אין דער „לאַרגעטאָ“ ווערט געשילדערט דער צויבער און דאָס פאַרגניגן פון הויז־לעבן.

די „אַלעגראָ דראַמאַטיקאָ“ באַוועצקט פאָרצושטעלן דעם פאַרזוך צו פאַראייניגן דאָס גאַנצע פאָלק אין קאַמף געגן דעם אויסערלאַכן שונא.

די „אַלעגראָ“ מאָלט אַ בילד פון איינינקייט און זיג.



## ניקאָלאַס רימסקי־קאָרסאַקאָוו

באַרימטער רוסישער דיריגענט און קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 18טן מערץ, 1844, אין טיקווין; געשטאָרבן דעם 22טן יוני, 1908. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: סימפאָני נומער 1, די אָפּעראָס „די שניי־מיידל”, „די מיידל פון פסקאָוו”, „אַ נאַכט אין מאַי”, די סוטס „אנטאר” און „שערעזאַדע”, די סימפאָנישע פּאָעמע „סאַדקאָ” און „דער שפּאַני־שער קאַפּריז”.

## סימפאָנישע פּאָעמע „סאַדקאָ”

Symphony Poem “Sadko”

די סימפאָנישע פּאָעמע „סאַדקאָ” אילוסטרירט אַ טייל פון אַן אַלטער רוסישער לעגענדע וועגן אַ נאָווגאָראָדער סוחר און מוזיקער, וועלכער געווינט מיט זיין שפּילן די באַוואונדערונג פון ים־גאָט און פאַרהיט די וועלט פון אַ קאַטאַסטראָפע.

דער פּראָגראַם, געדרוקט איבער דער מוזיק, איז ווי פאָלגט:

„די שיף, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען דער באַרימטער גוסלי־שפּילער סאַדקאָ, איז געבליבן שטיין אין אָפענעם ים און קען זיך ניט רירן פון אָרט. דער עולם באַשטימט צו געבן דעם

קעניג פון ים אַ קרבן כדי ער זאָל ווייכער ווערן און לאָזן גיין די שיף. דער גורל פאַלט אויף סאַדקאָ און ער ווערט אַריינגע־וואָרפן אין ים. די שיף זעצט פאָר איר רייזע. סאַדקאָ ווערט געבראַכט אין דעם קעניג׳ס פּאַלאַץ, וואו עס קומט פאָר אַ גרוי־סער יום־טוב. דער קעניג פון ים פייערט די חתונה פון זיין טאָכטער צו דעם קעניג פון אָקעאַן. שיינע ים־נימפעס פירן אָן כאָראַלע טענץ און ים־באַשעפענישן אַמוזירן זיך. דער קעניג הייסט סאַדקאָ׳ן שפּילן אויף זיין גוסלי. ער הויבט אָן צו שפּילן און טאַנצן און די גאַנצע וואַסער־קעניגרייך קומט אין באַוועגונג. דער טאַנץ ווערט אַלץ ווילדער און ווילדער, די כוואַליעס אַלץ שטאַרקער און שטורמישער, דער גאַנצער אָקעאַן הויבט זיך און שלינגט איין די שיפן. כדי צו פאַרהיטן די צושטערונג פון דער וועלט, צורייסט דער הייליגער ניקאָליי די סטרונעס. דער טאַנץ הערט אויף און דער ים ווערט ווידער רוהיג. סאַדקאָ קערט זיך דאַן אום צוריק אַהיים. זיין טרייע כלה, די טאָכטער פון ים־קעניג, פאָלגט אים נאָך און זי ווערט פאַרוואַנדלט אין דעם טייך וואָלכאָוו, וועלכער שטראָמט ביי דער שטאָט".

די עפענונג פון דער סימפאָנישער פּאָעמע איז אַן אָנדייטונג אויף דעם רוהיגן ים, און דאַן פאָלגט די מוזיק נאָך אַלע איינצל־הייטן פון דער לעגענדע.

## אָריענטאַלישער סוט „אַנטאַר"

## Oriental Suite "Antar"

אַנטאַר איז געווען אַן אַראַבישער קריגס־העלד און פּאָעט. ער האָט געלעבט אין זעקסטן יאָרהונדערט און איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרערט צווישן די פאַרשידענע שבטים, דאָס איינע פון זיינע פּאָעמעס, געשריבן אויף אַ פעל, געפינט זיך איצט צווישן די אָפּגעטער אין הייליגן טעמפּל פון די איסלאַמיטן אין מעקאַ. דער אָריענטאַלישער סוט איז געבילדעט אויף סענקאָווסקי׳ס אַ מעשה׳לע, פון וועלכער אַנטאַר איז דער העלד.

„אַנטאַר איז אַליין אין מדבר, אָפּגעזונדערט פון דער גאַנ־צער וועלט. ער טראָגט אַ ביטערן האַס צו אַלע מענשן. אַ

געוויסן טאָג דערשיינט פאַר אים אַ פּראַכטפאָלע גאַזעל. אין דעם מאָמענט ווען ער וויל זי נאָכפאָלגן דערזעט ער פּלוצלונג אַ שרעקלאַכן מאָנסטער וואָס וויל אויף איר אָנפאַלן. שנעל ווי אַ בליץ אַטאַקירט אַנטאַר דעם מאָנסטער, וועלכער פליט אַוועק מיט גרילצנדע קולות. די שיינע גאַזעל פארשווינדט. אַנטאַר לייגט זיך אַנידער אויפ׳ן גראָז און פאַלט אריין אין אַ דרעמל, טראַכטנ־דיג וועגן דער פּאַסירונג. פּלוצלונג דערזעט ער, אַז ער געפינט זיך אין דעם פּאַלאַץ פון דער קעניגין פון פּאַלמירא — די נימפע גול־נאַזאַר, וועלכע איז ניט קיין אַנדערע ווי די גאַזעל, וואָס ער האָט געזען. אַלס באַלוינונג פאַר דעם, וואָס ער האָט זי גערא־טעוועט פון טויט, זאָגט אים גול־נאַזאַר צו די דריי גרעסטע פאַרגעניגנס פון עדר וועלט — נקמה, מאַכט און ליבע.

נאָך אַ לאַנגן פעריאָד פון גליק, דערפילט די קעניגין אַז אַנטאַר ווערט אָפּגעקילט צו איר. זי נעמט אים דאַן ארום, זייערע ליפּן באַגעגענען זיך אין דעם לעצטן קוש און אַנטאַר׳ס האַרץ ווערט צושמאָלצן אין דעם פייער פון איר ליידנשאַפט״.

דער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר צעזאַר קיו, צו וועמען די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע איז געווידמעט, כאַראַקטעריזירט די פיר אָפּטיי־לונגען פון דעם סוט ווי פאָלגט:

ערשטע אָפּטיילונג: אַנטאַר איז אין דעם מדבר. ער ראַטעוועט די גאַזעל פון דעם מאָנסטער. די גאַזעל וועלכע נעמט אָן איר אָריגינעלע געשטאַלט אַלס פייע, באַלוינט איר באַפרייער, געבנדיג אים די דריי גרעסטע פאַרגעניגנס.

צווייטע אָפּטיילונג: דאָס פאַרגעניגן פון נקמה — אַ רויע, ווילדע, אונגעצאַמטע „אַלעגראָ“ מיט קרעסענדאָס, ווי דאָס פרייע לויפן פון שרעקלאַכע שטורם־ווינטן.

דריטע אָפּטיילונג: דאָס פאַרגעניגן פון מאַכט — אַן אָריענטאַלישער מאַרש.

לעצטע אָפּטיילונג: דאָס פאַרגעניגן פון ליבע — אַ צאַרטע, פּאָעטישע, רייצנדע „אַנדאַנטע“.

## סוט „שערעזאַדע״

Suite “Schehrezade”

דער „שערעזאַדע״ סוט איז געשריבן געוואָרן צו אילוסטרירן עטלאכע אראבישע וואונדער־מעשיות פון דער סעריע, וועלכע שערעזאַדע האָט דערציילט דעם סולטאַן אין משך פון טויזנט און איין נאַכט. ווי עס ווערט אָנגעגעבן האָט דער טערקישער סול־טאַן ארויסגעגעבן אין יענער צייט א באפעל צו טויטן יעדע פרוי זיינע, נאָך דעם ווי ער האָט מיט איר געלעבט איין נאַכט, אָבער די סולטאַנשע שערעזאַדע האָט געראַטעוועט איר לעבן דורך דעם וואָס זי פלעגט אים אונטערהאַלטן מיט מעשיות. זייענדיג שטאַרק נייגעריג צו הערן די וואונדער־געשיכטן, האָט דער גרוי־זאַמער סולטאַן אָבגעלייגט פון טאָג צו טאָג די דורכפירונג פון דעם אורטייל איבער איר, ביז ער האָט ענדליך אין גאַנצן צוריק־געצויגן די גזירה.

די פיר אָבטיילונגען פון דעם סוט ווערן אין דעם קאָמפּאָ־זיטאָר׳ס פּראָגראַם אָנגעגעבן ווי פאָלגט:

1. דער ים און סינבאַד׳ס שיף.
2. די מעשה מיט דעם קאַלענדאַר־פּרינץ.
3. דער יונגער פּרינץ און די פּרינצעסין.
4. דער פעסט אין באַגדאַד.

די ערשטע אָבטיילונג באַשטייט פון פיר מאָטיוון: דער ים אָדער „סינבאַד״־מאָטיוו, די כוואַליעס, די שיף און „שערעזאַדע״־מאָטיוו. די אויסאַרבייטונג פון די דאָזיגע מאָטיוון שטעלט צו־זאַמען דעם אינהאַלט פון דער אָבטיילונג.

אין דער צווייטער אָבטיילונג האָבן מיר ווידער דעם „שערע־זאַדע״־מאָטיוו, נאָכגעפאָלגט פון א טעמע וואָס זוכט אויסצודריקן איר ראָליע אַלס מעשה׳לאך־דערציילערין. דאַן קומט אַן אינטער־מעצאָ און די אָבטיילונג שליסט זיך מיט אַן אויסברוך פון פרייד.

די דריטע אָבטיילונג עפנט זיך מיט דעם ים־מאָטיוו פון דעם אָנהויב, נאָכגעפאָלגט פון דער „שערעזאַדע״־טעמע, וועלכע פירט צו א שילדערונג פון א שמחה אין באַגדאַד. צום שלום פּראָ־דוצירן די טראָמבאָנען דעם שטורם פון דער שיף אָן א פעלז און

דעם מורא'דיגן אויסברוך פון שטורעם, וועלכער שטילט זיך לאַנג־זאַם איין. דער „שערעזאַדע" סוט שליסט זיך דאַן מיט אייניגע ווידערהאָלונגען פון די פריערדיגע מאָטיוון.

## מוזיקאַלישע בילדער „צאַר סולטאַן"

### Musical Picture "Czar Sultan"

די מוזיקאַלישע בילדער „צאַר סולטאַן" זיינען באַזירט אויף פּושקין'ס פּאָעמע מיט דעם זעלבן נאָמען, די געשיכטע פון וועל־כער איז אין קורצן ווי פאָלגט:

דריי שוועסטער גיבן איבער איינע די אַנדערע זייערע מיינונגען וועגן גליק. דער צאַר סולטאַן, וועלכער הערט אונטער זייער געשפּרעך, פאַראינטערעסירט זיך אין דער אינגסטער, וועמעס העכסטער וואונש איז צו זיין די מוטער פון אַ העלד. דער סולטאַן קלייבט זי אויס אַלס זיין כלה און האָט מיט איר חתונה.

אין דער צייט ווען דער סולטאַן גייט אַוועק מיט זיין אַרמיי אין מלחמה, מאַכן די אייפערזיכטיגע שוועסטער אַ פאַרשווערונג געגען דער יונגער קעניגין. זי מיט איר ניי־געבאָרענעם זון ווערן אַריינגעוואָרפן אין אַ פאַס און מען לאָזט זיי אַרונטער אין טייך. די פאַס ווערט פון די כוואַליעס דערטראָגן צו אַן אינזל און וואַרפט זיי דאָרטן אַרויס.

מיט אַ צייט שפּעטער, ווען דער פּרינץ איז אויסגעוואַקסן, האָט ער איינמאָל געראַטעוועט אַ שוואַן פון אַ גרויסן פיש, וועל־כער האָט זי פאַרפאָלגט. דער שוואַן איז געווען אַ פאַרשטעלטע צויבערין, און זי האָט אים דערפאַר באַלוינט מיט דער מאַגישער קראַפט. ער האָט דאַן אויפגעבויט אויף דעם אינזל אַ וואונדער־שטאָט מיט אַ גרויסער באַפעלקערונג און איז אויסדערוויילט געוואָרן אַלס קעניג.

קומענדיג צוריק פון מלחמה, האָט דער צאַר סולטאַן געהערט וועגן דעם באַרימטן אינזל. ער איז אַהין אַוועק און זיך ווידער פאַראייניגט מיט זיין געליבטער פרוי.

די שטעלן פון דער פּאָעמא, וועלכע דער קאָמפּאָזיטאָר אילוס־טרירט אין זיין מוזיק, זיינען אָנגעגעבן ווי פאָלגט:

1) אין יענער צייט איז אויסגעבראָכן א מלחמה. דער צאר־סולטאן האָט אָבשייד גענומען פון דער יונגען קעניגין, און זי פארזאָגט, אין נאָמען פון ליבע, אז זי זאָל גוט אויפפאסן אויף זיך.

2) די קעניגין זיצט אין איר היים אויף דעם אינזל און טרויערט נאָך איר פארלאָרענעם גליק. איר קינד איז אויסגע־וואקסן גרויס און שטארק.

3) די דריי וואונדער אויף דעם אינזל: א וועווערקע וואָס קלייבט גאָלדענע נים און פייפט רוסישע פאָלקס־לידער, 33 אין גאָלד באוואפנטע העלדן וואָס זיינען ארויסגעשפּיגן געוואָרן פון ים און די וואונדערשיינע פרינצעסן באצירט מיט שטערנס און איינגעהילט אין לבנה־שיין, וועלכע האָט ליב געהאט די נאכט און זיך געשראָקן פאר דעם טאָג.



ג. ראָסיני

באַרימטער איטאַליענישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 29טן פעב־רואר, 1792, אין פּעזארא; געשטאָרבן דעם 13טן נאָוועמבער, 1868. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראָס „באַרבער דע סעוויל״, „וויליאַם טעל״, „אָטעלאָ״, „משה אין מצרים״ און „סעמיראַ־מידע״, די „סטאבאט מאטער״ און עטלעכע קאַנטאַטעס.

# אָוועטור צו „ווילׄיאַם טעלׄ״

Overture to William Tell

די אָפּערא „ווילׄיאם טעלׄ״ איז אַ באַארבייטונג פון שילׄער׳ס מייסטערווערק, און די האַנדלונג פאָלגט נאָך די היסטאָרישע פּאַסירונגען, וועלׄכע זיינען אין קורצן ווי פאָלגט:

די אונצופרידנהייט פון שווייצארישן פאָלק מיט דער טיראַנישער רעגירונג פון געסלׄער קומט צו אַ קלׄימאַקס, ווען איינער פון געסלׄער׳ס סווימע באַגייט אַ שאַנדטאַט געגען לׄענטאַלׄד׳ס טאָכטער. דער אויפגערעגטער פאָטער אירער דערמאָרדעט אים און זוכט דאַן שוץ ביי טעלׄ׳ן. ארנאָלׄד, דער זון פון דעם דאָרפישן פּאַטריאַרך, מעלׄכטאַלׄ, וועלׄכער איז אומגעבראַכט געוואָרן אויף געסלׄער׳ס באַפעלׄ, איז פארליבט אין געסלׄער׳ס טאָכטער, מאַטילׄדא, און ער פירט מיט זיך אַן אינערלׄיכן קאַמף, אויב ער זאָלׄ שוינען דעם מערדער צוליב דער לׄיבע צו זיין טאָכטער אָדער נעמען נקמה פאַר דעם טויט פון זיין פאָטער. פלׄיכט נעמט ענדלׄיך די אויבערהאַנט. ער פאַראייניגט זיך מיט דער געהיימער גרופּע אונטער דער פירערשאַפט פון טעלׄ און גיט אַ שבועה צו העלׄפן פארניכטן דעם טיראַן.

כדי אויסצוגעפינען די אמת׳ע פאַרשווערער, הייסט געסלׄער אוועקשטעלׄן אין דער הויפּט־גאַס פון אַלׄטראָף אַ שטעקן מיט זיינער אַ הוט אויפ׳ן שפּיץ און גיט אַרויס אַ באַפעלׄ אַז אַלׄע מוזן זיך בוקן צו דעם. טעלׄ אנטזאַגט זיך צו דערפילׄן דעם באַפעלׄ און מען לׄייגט אויף אים דערפאַר ארויף אַ שטראָף, אַז ער זאָלׄ ארונטערשיסן אַן עפּלׄ פון זיין אייגענעם זון׳ס קאָפּ. ער פירט דורך דעם פּסק מיט ערפאָלׄג, אָבער ווען ער וויל אוועקגיין, באַמערקט געסלׄער אַז ער האָט נאָך אַ קויל אין זיין פייל. אויף דער פראַגע פאַר וועמען איז געווען באַשטימט די צווייטע קויל, ענטפערט טעלׄ, אַז עס איז געווען באַשטימט פאַר אים אַליין, אויב ער זאָלׄ געוועזן טויטן זיין זון. געסלׄער הייסט אים דאַן פאַרשפּאַרן אין תפיסה. די דאָזיגע אונגערעכטיקייט רופט ארויס אַ שטאַרקן שטורעם. מאַטילׄדא פאַרלׄאָזט איר פאָטער און באַשטימט צו העלׄפן טעלׄ׳ן. איר געלׄיבטער, ארנאָלׄד, אָרגאַניזירט

דאָן אן ארמיי, טויטעט דעם טיראַן און באַפרייט דאָס לאַנד. טעל ווערט מיט כבוד באַפרייט און קערט זיך אום צוריק צו זיין פאַמיליע.

לויט דער אויסטייטשונג פון דעם בארימטן מוזיק־קאָמפּאָזיטאָר בערליאָז, איז די דאָזיגע אָווערטור אַן אמת'ע סימפאָניע אין פיר אָבטיילונגען.

די ערשטע אָבטיילונג דריקט אויס די איינזאַמקייט און שטילקייט פון דער נאַטור, אונגעשטערט פון מענשליכע ליידנ־שאַפטן.

די צווייטע אָבטיילונג איז אַ רעאַליסטישע מוזיקאַלישע בילד פון אַ שטורעם אין די אַלפּן, באַגלייט פון דונערן און בליצן.

די דריטע אָבטיילונג מאָלט אַ פּאַסטאָראַלן בילד. ווען דער שטורעם הערט אויף, הערט זיך אַ געזאַנג פון די פּאַסטוכער, וועלכע דריקן אויס אַ דאַנקזאַגונג צו גאָט.

דער פינאַל באַשטייט פון מלחמה־מוזיק. די אויסרופן פון טרומפייט אַנאָנסירן דאָס אָנקומען פון די שווייצארישע סאָלדאַטן און זייער מאַרש ענדיגט די אָווערטור.



אַנטאָן רובינשטיין

באַרימטער אידישער פּיאַניסט און קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 28טן נאָוועמבער, 1830, אין וועכוועטינעץ; געשטאָרבן דעם 20טן נאָוועמבער,

1894. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראָס „דימיטרי", „פּער־מאראס", „דער דעמאָן" און „נעראָ", די דראַמעס „די מאַקאַבייער", „דער פאַרלאָרענער גן־עדן" און „שולמית", 3 סימפאָניס, 4 אָוועראָטורס און די סימפאָנישע בילדער „שטיינערנער אינזל".

# באַלעט מוזיק פון „פערמאַראָס"

Ballet Music from "Fermaros"

די אָפּערא „פערמאַראָס" איז געבילדעט אויף מור'ס ווערק „לאלא רוק" און באציט זיך אויף דער ליבעס־געשיכטע פון דער אינדישער פּרינצעסין לאלא, וועלכע איז באשטימט געוואָרן אלס כלה פון דעם סולטאַן פון בוכארע, וועמען זי האָט קיינמאָל ניט געזען. אין געהיים ליבט זי גאָר דעם זינגער און פּאָעט פּער־מאַראָס. פאָרנדיג צו דער חתונה אין דעלהי, באגעגנט זי אויף דער רייזע אַ קעניגליכן פּאַראַד פון טענצער און מוזיקער, וועלכע אונטערהאלטן זי. דעם פרימאָרגן, ווען די חתונה דאַרף פאָר־קומען, געפינט זי אויס אַז דער פּאָעט און דער סולטאַן איז איין פּערזאָן.

דער באַלעט באשטייט פון די פאָלגנדע נומערן:

1. טאַנץ פון באַיאַדערן.
2. וואַלס.
3. צווייטער טאַנץ פון באַיאַדערן.
4. חתונה פּראָצעסיע.

# מוזיקאַלישע פּאָרטרעטן „שטיינערנער אינזל"

Musical Portraits "Kamennoi Ostrov" No. 22

„קאַמעננוי אָסטראָוו" איז געווען אַ באליבטער זומער־פּלאַץ פון די רייכע און אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס אויף דעם טייך נעווא, לעבן פּעטערבורג. רובינשטיין, וועלכער איז געווען אַן אָפטער גאַסט אויף דעם דאָזיגן פריילאַכן אינזל, האָט פאַרפאַסט אַ סעריע טאָן־סקיצעס אונטער דעם אלגעמיינעם נאָמען „קאַמעננוי אָסטראָוו", פאָרשטעלנדיג פאַרשיידענע פּערזאָנען אין סצענעס פון דאָרטיגן לעבן. דער נומער 22 פון דער סעריע, וועלכער איז אַם

מערסטן פּאָפּולער און ווערט אָפט געשפּילט אויף קאָנצערטן, איז א מוזיקאַלישער פּאָרטרעט פון דעם קאָמפּאָזיטאָר'ס פריינדין, אננא דע פרידבורג.

דער ערשטער און הויפּט־מאָטיוו, וועלכער איז א לאַנגזאַמע און געזאַנגס־ענלאכע לירישע מעלאָדיע, דייטעט אָן אויף דעם עמאָציאָנעלן איינדרוק, וואָס די דאָזיגע פרוי האָט אויף אים געמאַכט. די באַגלייטונג באַצייכנט דעם פּאָעטישן הינטערגרונד: די פּראַכטפולע זומער־נעכט, די צויבערלאַכע באַלייכטונג, דעם געמישטן אראָמאַט פון בלומען, דעם לייכטן ים־ווינט, דאָס זשומען פון די זומער־פליגעלאַך און דעם רויש פון די בלעטלאַך.

דורך דער גאַנצער צווייטער אָבטיילונג הערט זיך דייטליך דער גלאָקן־קלאַנג פון א קירכע, רופנדיג דעם עולם צום אָוונט־געבעט, ווי אויך א זאָנדערבאַרע סעריע פון אָבגעבראָכענע טענער, וואָס דריקן אוים טיילן פון שטילע געשפּרעכן. דאַן הערן זיך די פולע רייכע אַקאָרדן פון דעם אָרגאַן, נאָכגעפאָלגט דורך א קורצן מאָטיוו אין רעטשיטאַטיוו, וואָס דייטעט אָן אויף דער שטימע פון פּריסטער, וועלכער פירט אָן די גאָטעסדינסט.

דער פינאַל הויבט זיך אָן מיט א קורצן צוריקקער פון די געשפּרעכן־טענער, וואָס דייטן אָן אויף א שושקעריי פון אָבשיידס־ווערטער. דאַן פאָלגן אייניגע שטילע אַקאָרדן פון אָרגאַן, וואָס ווערן גאַנץ לאַנגזאַם איינגעשטילט.



# קאַמיל סענט-סען

באַרימטער פראַנצויזישער פּיאַניסט, דיריגענט און קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 9טן אָקטאָבער, 1835, אין פּאַריז; געשטאָרבן דעם 16טן דעצעמבער, 1921. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראַס „שמשון און דלילה" און „ארמינא", 5 סימפאָניס, די סימפאָנישע פּאָעמעס: „טאַנץ פון טויט", „אמפאלעס שפּינראד", „יוגנד פון הערקולעס" און „פאעטאָן", די „קריסטמעס" אָראַטאָריאָ און דער סוט „אלישיריען".

## סימפאָנישע פּאָעמע „אָמפּאַלע'ס שפּינראָד"

Symphonic Poem "Le Rouet D'Omphale"

די סימפאָנישע פּאָעמע „אמפּאָלע'ס שפּינראָד" אילוסטרירט די אַלטע גריכישע לעגענדע פון הערקולעס, וועלכער איז פאַר־אורטיילט געוואָרן פון דעם העכסטן גאָט צעאוס צו דינען אַלס שקלאַף ביי דער קעניגין פון לידיא, אמפאָלע, און ער ווערט פון איר געצוואונגען צו זיצן אין פרויען־קליידער און טרייבן דעם שפּינראָד.

ווי עס ווערט אָנגעגעבן אין דעם פאָרוואָרט איבער דער מוזיק איז דער געדאַנק פון דער דאָזיגער פּאָעמע ארויסצוברייננגען

די פּאַרפּירערישע קראַפּט פון פרויען, דעם נצחון פון שוואַכקייט איבער קראַפּט.

דער אריינפיר צו דער מוזיק באשטייט פון אַ סעריע לייכטע שנעל־לויפנדע פיגורן וואָס שטעלן פאָר אַ כאַראַקטעריסטישע נאָכ־מאַכונג פון די באַוועגונגען פון די שפּין־רעדלאַך. דאָס ווערט נאָכגעפאָלגט פון אַ לעבעדיגער מעלאָדיע וואָס דייטעט אָן אויף דעם פריילאכן געזאַנג פון די שפּינערינס ביי דער אַרבעט, וועלכע ווערט ערטערווייז אונטערבראָכן מיט שפּאַסיגע באמערקונגען אויף דעם חשבון פון דעם אומגעלומפּערטן העלד.

דער צווייטער מאָטיוו איז אַן איינדרוקספולע מעלאָדיע אין באַס, וואָס כאַראַקטעריזירט די מעכטיגע שטימע פון הערקולעס, וועלכער באַקלאָגט זיין טרויעריגע לאַגע און דריקט אויס זיין פּראָטעסט געגן די וואָס לאַכן אָפּ פון אים. דאָס דויערט אָבער ניט לאַנג. הערקולעס גיט זיך אונטער און די שפּין־רעדלאַך דרייען זיך ווידער.

די דריטע טעמע שטעלט פאָר ווי אָמפּאַלע טרייבט שפּאָס איבער די אומזיסטע אָנשטריינגונגען פון דעם העלד, און די קאָמ־פּאָזיציע שליסט זיך לעבעדיג, ווען די זון גייט אונטער און די אַרבעט פון טאָג איז געענדיגט.

## סימפּאָנישע פּאָעמע „פּאַעטאָן"

Symphonic Poem "Phaeton"

די סימפּאָנישע פּאָעמע „פּאַעטאָן" איז געבילדעט אויף דער קלאַסישער לעגענדע פון אַפּאָלאָ'ס יונגען זון, פּאַעטאָן, וועלכער האָט זיך איינגעבעטן ביי זיין פאָטער, אַז ער זאָל אים איינמאָל דערלויבן צו טרייבן די קאַרעטע פון דער זון. ניט וויסנדיג ווי אַזוי אָנצוטרייבן די פייערדיגע פערד, האָט ער אָנגעהויבן צו פליען מיט זיי אין אַ ווילדן גאַלאָפּ. די קאַרעטע איז שוין געווען גאַנץ נאָענט פון דער ערדישער וועלט און עס איז געווען אַ געפאַר אַז דער גאַנצער אוניווערזום זאָל זיך אָנצינדן. יופּיטער האָט עס באַמערקט און מיט זיין דונער־שטעקן דערשלאָגן צום טויט

דעם אומפאַרזיכטיגן אָנטרייבער. ער האָט אויף אזא אופן גע־ראטעוועט די וועלט פון פארניכטונג.

די מוזיק הויבט זיך אָן מיט א מעלאָדיע וואָס דייטעט אָן אויף פּאעטאָן׳ס שטורמישע געפילן ווען ער גרייט זיך צו דער אנגענעמער רייזע. דאָס ווערט נאָכגעפאָלגט פון א צווייטער טעמע, וואָס שטעלט פאָר דאָס בילד ווי די קארעטע הויבט אָן איר ווילדן לופט־געלאף. פּלוצלונג הויבט זי אָן צו בלאָנדזשען און די ערשטע טעמע אין א שטארק געענדערטער פאָרם דער־שיינט ווידער. די אונבאשטימטקייט פון פאעטאָן, זיין שרעק און פארצווייפלונג ווערן דייטליך ארויסגעבראכט אין דעם ניט זיכערן, אָבגעבראָכענעם און וואנדערנדן כאראקטער פון דער מוזיק.

דער פינאַל ענדיגט זיך מיט אָן אויסברוך פון די טרומפּייטן, וועלכע דריקן אויס יופּיטער׳ס דונער־שלאג און די פּאָעמע שליסט זיך מיט א טרויער־ליד איבער דעם אונגליקליכן קרבן פון צופיל נייגעריגקייט און גלויבן אין זיך.

## „דער טאַנץ פון טויט"

"Danse Macabre"

אין מיטלאַלטער האָט געהערשט א משונה׳דיגער אבערגלויבן, אז איין מאָל אין יאָר, אין א געוויסער נאכט, שטייען אויף די טויטע פון זייערע קברים און פירן אָן א ווילדע וואקכאנאליע אונ־טער דער אָנפירונג פון קעניג־טויט. די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע איז א טאָן־בילד פון דעם טויטן־טאנץ. די מוזיק איז געבילדעט אויף הענרי קאזאל׳ס פּאָעמע, וועלכע מאָלט דעם טויט אלס פידל־שפּילער וואָס לאדט איין די טויטע פון זייערע קברים צו א טאנץ. די פרייליכע אונטערהאלטונג פון די גייסטער האלט אָן א גאנצע נאכט ביז עס קרייט דער האָן.

די קאָמפּאָזיציע עפנט זיך מיט צוועלף מיסטעריעזע קלעפּ, וואָס באצייכנען די מיטן־נאכט שטונדע. דאן פאָלגט א מאָטיוו וואָס דייטעט אָן אויף דער ערשיינונג פון די גייסטער, וועלכע פארנעמען זייערע פּלעצער אין א פאנטאסטישן קרייז. דאָס ווערט נאָכגעפאָלגט פון טענער וואָס באצייכענען דעם קעניג־טויט

ווי ער טאַנצט אַן זיין פידל, און דאַן קומט די ערשטע טעמע פון דעם טאַנץ גופא.

די צווייטע טעמע סימבאָליזירט די פינסטערקייט פון דער נאַכט און די שרעקנס־בילדער פון דער דעמאָנישער סצענע. דער קעניג פון טויט טאַנצט ווידער אַן זיין פידל און דער טאַנץ וואַקסט אין שנעלקייט און קראַפט, ביז ער דערגרייכט אַ שטורמישן קלימאַקס. דאַן קומט אַ שטאַרקער קראַך און עס הערט זיך דער קריי פון אַ האָן. די גייסטער צולויפן זיך ווילד און פאַרנעמען זייערע פלעצער אין די קברים. אַ יאָמער־קלאַנג פון דער פידל ענדיגט די קאָמפּאָזיציע.

## סימפאָנישע פּאָעמע „יוגנד פון הערקולעס"

## Symphonic Poem "La Jeunesse d'Hercule"

פאָלגנדער אויפשריפט איבער דער מוזיק דערקלערט דעם אינהאַלט פון דער דאָזיגער סימפאָנישער פּאָעמע:

„ווען הערקולעס האָט אָנגעהויבן זיין עקזיסטענץ, — ווערט דערציילט אין דער מיטאָלאָגיע, — האָט ער געזען פאַר זיך צוויי וועגן, דעם וועג פון פאַרגעניגן און דעם וועג פון העלדישקייט. זייענדיג גלייכגילטיג צו דעם פאַרפירערישן צויבער פון די נימפעס און באַקכאַנטעס, האָט ער אויסגעקליבן דעם וועג פון קאַמף און מלחמה, ביי דער ענדע פון וועלכער ער האָט דערזען די באַלוינונג פון אונשטערבליכקייט דורך די פלאַמען פון שייטער־הויפן איבער'ן קבר".

די מוזיק ווערט אויסגעטייטשט אַלס אַ רייע פון כאַראַקטעריסטיקס אין דער פאָלגנדער אָרדנונג:

1. אונענטשלאָסנקייט.
2. דער כאַראַקטער פון דעם וועג פון העלדישקייט.
3. פאַרפירערישער צויבער פון די נימפעס.
4. די צוציהונגס־קראַפט פון די באַקכאַנטעס.
5. באַנייטער צווייפל.
6. אויסדערוויילונג פון דעם וועג פון קאַמף. שפּעטער הערט זיך די טעמע פון פאַרגעניגן.
7. דער שייטערהויפן־קבר און אונשטערבליכקייט אין הינטערגרונד.



## אַרנאָלד שאָנבערג

באַוואוסטער אידישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 13טן סעפּטעמבער, 1874, אין ווין. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: „קאַמער סימפאָני אין איי", טאָן פּאָעם „פאַרקלארטע נאַכט" און די סימפאָנישע פּאָעמע „פּעלעאַס און מעלעזאנדע".

## „די פאַרוואנדלונג פון דער נאַכט"

### Transfigured Night

די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע נעמט איר השפּעה פון אַ פּאָעמע פון ריכארד דעמל מיט דעם זעלבן נאָמען. דער אינהאלט פון דער פּאָעמע, וועלכע דער קאָמפּאָזיטאָר פאָלגט נאָך אין זיין מוזיק, איז אין קורצן ווי פאָלגט:

צוויי יונגע מענשן, אַ מאַן און אַ פרוי, שפּאַצירן אין אַן אונפּרוכטבארן קאלטן פאַרק. די לבנה שווימט איבער די הויכע בוימער וואָס הויבן זייערע געדרייטע צווייגן צו דעם וואָלקנלאָזן הימל. עס הערט זיך אַ פרויען־שטימע. זי זאָגט צו אים, אַז זי טראָגט אַ קינד, אָבער ניט פון אים. זי האָט פאַרלאָרן דעם גלויבן אין גליק. אָבער זי איז געווען באהערשט פון אַ שטארקן פאַר־לאַנג נאָך דעם אינהאַלט פון לעבן, נאָך מוטער־גליק און פליכט, האָט זי זיך איבערגעגעבן צו אַ ווילד־פרעמדן מענשן. זי האָט

זיך געפילט געבענשט, אָבער איצט האָט דאָס לעבן אָן איר נקמה גענומען, איינפלאָנצנדיג אין איר ליבע צו דעם מיט וועלכן זי שפּאַצירט. זי גייט לאַנגזאַם פאָראויס און קוקט מיט אויסגע־לאָשענע אויגן אויף דער לבנה וואָס פאָלגט זי נאָך.

א מענער־שטימע רעדט:

דאָס קינד וואָס זי טראָגט דאַרף ניט באַלעסטיגן איר נשמה מיט געדאַנקען פון שולדיקייט.

„זע ווי קלאָר די לבנה שיינט. מיר בלאָנדזשען ביידע אין א קאַלטן ים, אָבער שטראָמען פון וואַרימקייט פליסן פון מיר צו דיר און פון דיר צו מיר. זיי וועלן דאָס פרעמדע קינד אין אונ־זערס אומוואַנדלען, ווייל דו האָסט אין מיר א שטראַל אריינגע־וואָרפן און מיך זעלבסט אין א קינד פאַרוואַנדלט".

ער נעמט זי ארום און קושט זי. זייער אָטעם גיסט זיך צוזאַמען.

צוויי מענשן וואַנדערן ארום אין א וואונדערבאַר שיינער לבנה־נאַכט.



## פראַנץ שובערט

איינער פון די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרס. געבאָרן דעם 31טן יאַנואַר, 1797, אין ליכטענטאַל, עסטרייך; געשטאָרבן דעם 19טן נאָוועמבער,

1828. זיינע ווירכטיגסטע ווערק זיינען: סימפאָני אין „סי מיידזשאָר", „די ניט־געענדיגטע סימפאָני", אָוועראָור צו „ראָזאַמונדע", אָוועראָור אין איטאַליענישן סטיל, „מיליטערישער מאַרש" און אַלע זיינע לידער.

## סימפאָני אין „בי מיינאָר" (ניט געענדיגטע)

Symphony in B Minor (Unfinished)

דער קאָמפּאָזיטאָר אַליין האָט ניט איבערגעלאָזן קיין פּראָ־גראַם צו דער דאָזיגער סימפאָני, וועלכע איז פאַרבליבן ניט גע־ענדיגט. דער איינדרוק וואָס מען קריגט, הערנדיג די צוויי אָב־טיילונגען איז, אַז זיי האָבן אַ קלאָרן אינהאַלט, וועלכער קען אויס־געדריקט ווערן ווי פאָלגט:

די ערשטע מיסטעריעזע קלאַנגען אין די בעסער זוכן צו מאָלן די געדריקטע שטימונג פון דעם מענשן וואָס דערפילט זיין שוואַכקייט און הילפלאָזיקייט. באַלד אָבער הויבן אָן צו שיינען ליכטיגע שטראַלן און מיר הערן די טאַנץ־ריטמס פון די פידלען, וואָס דערציילן פון מוט און האָפנונג. די נשמה פילט זיך דער־קוויקט און קריגט אַ צופלוס פון ענערגיע. די טשעלאָס קומען אריין מיט אַ טעמע, וועלכע שיינט ווי אַ מענשליכע שטימע וואָס מונטערט אויף און דערציילט אַז דאָס לעבן איז פול מיט פאַר־געניגן און גליק. פּלוצלונג אַ פּאַוזע. מיר פאַלן ווידער אריין אין אַ געדריקטער שטימונג און הערן ווי אַ וואַרנונג: פאַרגעניגן און גליק קענען ניט דערגרייכט ווערן לייכט, מען מוז דערפאַר קעמפן. עס קומט פאָר אַ קאַמף צווישן די צוויי עלעמענטן און די לעצטע שיינט צו זיגן. מיר הערן ווידער די ערשטע מיס־טעריעזע טעמע. די נשמה ווערט געמאַטערט פון טייפל און ווערט געטריבן צו מרה־שחורה. דער כח פון ווידערשטאַנד גיט איר אָבער צו מוט און לאָזט זי ניט פאַלן. די ערשטע מלחמה האָט דעם מענשן ניט אָבגעשוואַכט נאָר פאַרהאַרטעוועט.

די שטימונג וואָס ווערט געשאַפן אין דער צווייטער אָב־טיילונג איז אַן אַנדערע. אין אָנהויב הערשט רוהיקייט. לאַנגזאַם און זיס ענטדעקט זיך פאַר אונז די מעלאָדיע. נאָר איין מאָל ברעכט אויס אַ קליינער שטורעם — דאָס איז דער אָנהויב פון שטרעבן וועלכער אנטוויקלט זיך לאַנגזאַם און די מוזיק טראָגט

אונז ווייטער דורך אַן אויסבּרוך פון טעטיקייט. דאָס איז ניט די אויפגערעגטע שטימונג פון אַן אויסערליכער מלחמה, נאָר דער געזונטער אינווייניגסטער פּראָצעס פון פרידליכער אַרבּעט צו שאַפן און בויען. מעלאָדיע און האַרמאָניע אַרבּעטן צוזאַמען אין פולשטענדיגן אַקאָרד. בּיסלאַכווייז, מיט דער משא פון יאָרן, ווערט די אַקטיוויטעט שוואַכער און דאָס לעבן פליסט לאַנגזאַם און רוהיג ביז צום סוף.



# ראָבּערט שומאַן

אײנער פון די גרעסטע קאָמפּאָזיטאָרס. געבּאָרן דעם 8טן יוני, 1810, אין זאַקסן, געשטאָרבּן דעם 29טן יולי, 1856. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: 4 סימפאָניס, 4 אָווערטורס, „אינצידענטל מוזיק צו מאַנפרעד", „פאוסט" מוזיק, קאָנצערטאָ אין „איי מיינאָר", טשעלאָ קאָנצערטאָ, פאַנ-טאַזיע פאַר פידלען און זיינע לידער.

## סימפאָני נומער 1 (פרילינג)

Symphony No. 1 (Spring)

די פרילינג-סימפאָני נעמט איר השפּעה פון אַ פּאָעמע פון אַדאָלף בּעטגער, וועלכע איז אין פּראָזע ווי פאָלגט:

„דו גייסט פון וואָלקן, שווער און אָנגעלאָדן מיט פינסטערניש

און שרעקן שוועבסטו אַרום איבער לאַנד און ים; דיין גרויער שלייער פאַרדעקט די קלאָרע אויג פון הימל; דיין טומאַן קאָכט פון ווייטן און די נאַכט באַהאַלט דעם שטערן פון ליבע. „דו גייסט פון וואָלקן, פינסטערער און פייכטער, ווי דו האָסט עס מיין גאַנצן גליק פאַרטריבן, ווי דו רופסט עס אַרויס טרערן אויף מיין פנים און שאָטנס אויפ'ן ליכט פון מיין נשמה.

„אַ קער צוריק, אַ קער צוריק דיין וועג. אין דעם טאָל בליט שוין דער פרילינג„.

אין אַ בריוו צו ווילהעלם טאַובאַט, וועלכער האָט געדאַרפט אויפפירן די סימפאָני, שרייבט דער קאָמפּאָזיטאָר:

„דער טרומפּייט-רוף ביים אָנהויב וואָלט איך געוואָלט זאָל קלינגען ווי עס קומט פון דער הויך און זאָל זיין ווי אַן איינלאַדונג צו דערוואַכונג. מיט דעם וואָס פאָלגט וויל איך שאַפן די פאַר־שטעלונג ווי אַלץ ווערט באַדעקט מיט גרינס, ווי אַ שמעטערלינג שוועבט, און אין דער אַלעגראָ — ווי דער פרילינג קומט און אַלץ שפּראָצט לאַנגזאַם אַרויס. אין דער לעצטער אָבטיילונג האָב איך געזוכט פאַרזושטעלן ווי דער פרילינג גייט אַוועק".

## אָווערטור צו „מאַנפרעד"

## Overture to "Manfred"

די אָווערטור איז אַן אילוסטראַציע אויף בייראָן'ס דראַמע מיט דעמזעלבן נאָמען, וועלכע איז אין קורצן ווי פאָלגט:

מאַנפרעד, אַ שווייצאַרישער גראַף, וואָס לעבט אָפּגעזונדערט אין זיין רייכן גע'ירשנ'טן פּאַלאַץ, פאַרנעמט זיך מיט דעם שטו־דיום פון נעקראָמאַנטיע (טויטע-באַשווערונג). ער פילט אַן אומ־נאַטירלאַכע ליידנשאַפט צו זיין שוועסטער אַסטאַרטע, וועלכע האָט מיט אים צוזאַמען שטודירט כּישוף, און ער ווערט געפּלאַגט פון ליידן און חרטה.

ער זוכט פאַרגעסונג, אָבער ניט די גייסטער וועלכע ער רופט אַרויס, ניט די בערג מיט דער צויבערין פון וואַסערפאַל און ניט דער פאַרזוך צו באַגיין זעלבסטמאָרד קענען אים באַרוהיגן. ענדליך גייט ער אַוועק אין דער אונטערערדישער קעניגרייך און קריגט

מחילה פון דעם קרבן פון זיין פארברעכן. ער שאפט דאן אָפּ די גייסטער פון וועלכע ער באטראכט זיך אלס הערשער, און גיט זיך אונטער דעם אלגעמיינעם געזעץ פון טויט.

## „טרוימעריי"

Traumerei (Revery)

די טרוימעריי איז א טייל פון א קאָמפּאָזיציע, וועלכע טראָגט דעם נאָמען: „סצענעס פון מיינע קינדער־יאָרן". לויט דעם קאָמפּאָזיטאָר'ס אייגענער דערקלערונג, שטעלט די שטיק פאָר א צוריקבליק פון אן עלטערן מענשן אויף דער צייט פון זיין יוגנד.

א צאַרטע רוהיגקייט שוועבט איבער דער גאַנצער קאָמפּאָזיציע, פּונקט ווי א קינד וואָלט אין איר אויסגעגאָסן זיין ריינע נשמה.



דזשאַן סיבעליוס

באַרימטער פינישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 8טן דעצעמבער, 1865, אין טאַוואַסטעהאוס. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: 5 סימפאָניעס, די סימפאָנישע פּאָעמעס „דער שוואַן פון טואָנעלא און לעמינקיינען" און „פינלאַנדיא", און אינצידענטל מוזיק צו „קעניג קריסטיאַן".

## סימפאָנישע פּאָעמע „לעמינקיינען און דער שוואַן פון טואנעלאַ"

Symphonic Poem "Leminkainen and The Swan of Tuonela"

די דאָזיגע סימפאָנישע פּאָעמע איז באזירט אויף אַן עפּיזאָד פון דער סקאַנדינאַווישער מיטאָלאָגיע, און זי באשטייט פון צוויי אָבטיילונגען: „דער שוואַן פון טואנעלאַ" און „לעמינקיינען קומט אהיים".

טואנעלא איז, לויט דער מיטאָלאָגיע, דאָס לאַנד פון די טויטע און עס ווערט דערגרייכט דורך ניין ים'ען און אַ טייך, איבער וועלכן עס שווימט דער הייליגער שוואַן וואָס זינגט דאָס ליד פון טויט.

דער מכשף־העלד, לעמינקיינען, זוכט צו כאַפּן דעם שוואַן פון טואנעלאַ אַלס אַ באַווייז פון זיין מוט, כדי צו געווינען די ליבע פון זיין כלה. דער פּאַסטוך נאַשוט, וועלכער איז בייז אויף לעמינקיינען, ווארפט אויף אים אַ שלאַנג וואָס ער האָט ארויסגענומען פון טויט־שטראָם, און דאָס פאראורזאַכט זיין טויט. די אַלטע און געטרייע מוטער זיינע ברייננגט אים דורך כישוף צוריק צום לעבן. גערירט פון זיין מוטער'ס איבערגעבנהייט גיט ער נאָך איר בקשה. ער לאָזט דעם שוואַן רוהיג שווימען אין די וואַסערן פון טויט, פּאַרלאָזט זיין כלה און קערט זיך אום צוריק אהיים.

## טאָן פּאָעמע „פינלאַנדיאַ"

Tone Poem "Finlandia"

דאָס גרויסע שטיק לאַנד, פינלאַנד, וואָס געפינט זיך צווישן שוועדן און רוסלאַנד, האָט שטענדיג געוועקט ביי אירע שכנים אַ פּארלאַנג זי צו פּארכאַפּן. אין 12טן יאָרהונדערט האָבן די פינלענדער פּארלאָרן זייער זעלבסטשטענדיקייט צו שוועדן און אין 1809 זיינען זיי איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד. אין דער לעצטער וועלט־מלחמה איז זיי געלונגען צוריק צו געווינען זייער זעלבסטשטענדיגקייט. דער גרויסער פינלענדישער קאָמפּאָזיטאָר, סיבעליוס, האָט איבערגעגעבן די געשיכטע פון זיין פאָטערלאַנד אין מוזיק.

אין די זיפצנדע אַקאָרדן פון דעם אַריינפיר הערן מיר די קרעכצן פון פאַרשקלאַפטן פאָלק. שפּעטער קומט אַ צאַרטע טעמע וואָס דריקט אויס זייער ביינקעניש נאָך פרייהייט און זייער רעזאָ־לוציע זיך צו דערהויבן. דאַן קומט אַ טעמע וואָס דריקט אויס דעם אומרוהיגן גייסט און ענטשלאָסנהייט. דאָס ווערט נאָכגע־פאָלגט פון אַ מעלאָדיע וואָס קלינגט ווי אַ הימן. די טעמע פון ברויזנדער ענערגי ווערט ווידערהאָלט און די טאָן־פּאָעמע קומט צו אַ שלום.



# אלכסנדר סקריאבין

באַוואוסטער רוסישער פּיאַניסט און קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 10טן יאַנואַר, 1872, אין מאָסקווע; געשטאָרבן דעם 27טן אפּריל, 1915. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: „די געטלאַכע פּאָעמע", „די פּאָעמע פון עקסטאַז", „פּראָמעטעאוס" און די סאָנאַטאַס 7, 8, 9 און 10.

## סימפאָני נומער 3 (די געטליכע פּאָעמע)

Symphony No. 3 (The Divine Poem)

די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע, וועלכע דער קאָמפּאָזיטאָר באַצייכנט אַלס פּראָגראַמאַטישע, באַשטייט פון דריי אָבטיילונגען, אָבער זיי ווערן געשפּילט אָן אַן אונטערברעכונג.

דער פּראָגראַם איז אין קורצן ווי פאָלגט:

די ערשטע אָבטיילונג שטעלט מיט זיך פאָר די פארשיידענע קעמפּע, וואָס דער מענש האָט דורכצומאַכן, די צווייטע — די פאַרגעניגנס פון די חושים, און די דריטע — דאָס געטליכע שפּיל.

## „די פּאָעמע פון עקסטאַז"

## "The Poem of Ecstasy"

די דאָזיגע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע איז באַזירט אויף א פּאָעמע, געשאַפן פון דעם קאָמפּאָזיטאָר אַליין, אין וועלכער ער זוכט אַרויסצוברענגען די עמאָציאָנעלע זייט פון זיין פילאָזאָפישן בליק אויפ׳ן לעבן. די אידייע איז דער עקסטאַז, וואָס א מענש פילט אין זיין האַנדלונג, די פרייד פון שאַפנדער טעטיקייט.

די פּאָעמע באַשטייט פון דריי אָבטיילונגען. די ערשטע אָבטיילונג דריקט אויס די נשמה פון מענשן אין דער אָרגיע פון ליבע, די צווייטע — די רעאַליזירונג פון א פאַנטאַסטישן טרוים, און די דריטע — די וואונדערלאַכע געפילן וואָס זיין אייגענע קונסט רופט אין אים אַרויס.



## פרידריך סמעטאַנאַ

באַרימטער טשעכישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 2טן מערץ, 1824, אין ליטאָמישל; געשטאָרבן דעם 20טן אַפּריל, 1884. זיינע וויכטיגסטע

ווערק זיינען: די אָפּערא „די פאַרקויפטע כלה", די סימפאָנישע פּאָעמעס „וואַלענשטיינ'ס לאַגער" און „מיין פאָטערלאַנד", און די „טריאומף" סימפאָני.

## סימפאָנישע פּאָעמע „מיין פאָטערלאַנד"

Symphonic Poem "Ma Vlast"

דער ציקל פון די זעקס קורצע סימפאָנישע פּאָעמען, וואָס טראָגט דעם אַלגעמיינעם נאָמען „מא וולאַסט" (מיין פאָטערלאַנד) אנטהאַלט זעקס בילדער פון באָהעמישער געשיכטע און לעגענדע. די פּראָגראַמען זייערע זיינען אין קורצן ווי פאָלגט:

1. „ווישעראַד" — "Vyserad"

אין דער דאָזיגער סימפאָנישער פּאָעמע זוכט דער קינסטלער צו שילדערן די רייכע פאַרגאַנגענהייט פון דער היסטאָרישער פעס־טונג „ווישעראַד" אין דער צייט פון איר גלאַנץ, די וויכטיגע קאמפן אירע און די פייערלאַכע מאָלצייטן נאָך אירע נצחונות, אַלס קאָנטראַסט צו די רואינען וואָס זיינען פון איר פאַרבליבן.

2. „ווּלטאַוואַ" — "Vltava"—

אין דער צווייטער פּאָעמע זוכט דער קאָמפּאָזיטאָר מוזיקאַליש צו מאָלן דעם טייך מאָלדאַו, זיין אורשפּרונג אין דעם רוהיגן וואַלד און זיין אנטוויקלונג, די וואונדערשיינע לאַנדשאַפטן וועלכע ער פליסט פאַרביי, די היסטאָרישע פּלעצער, די פריילאַכע יעגער אין די וועלדער, די אונטערהאַלטונגען פון וואַלד און וואַסער־נימפעס, די דאָרפישע מוזיק און די שנעלע שטראָמען פון סט. דזשאָן.

3. „סאַרקאַ" — "Sarka"

די פּאָעמע „סאַרקאַ" איז באַזירט אויף דער לעגענדע פון דער באָהעמישער אַמאַזאָנקע סאַרקאַ, וועלכע פּלעגט באַצויבערן די קריגס־העלדן דורך איר שיינקייט און זיי פאַרפירן אין די געדיכטע וועלדער, וואו עס האָבן געוואַרט אויף זיי אירע לעגיאָנען.

עס ווערט געשילדערט ווי דער העלדישער ריטער צטיראַד קומט מיט זיין אַרמיי נאָענט פון דעם פּלאַץ וואו סאַרקאַ געפינט זיך און זעט ווי זי איז צוגעבונדן צו אַ בוים, פּרעטענדירנדיג, אַז אירע שוועסטער האָבן עס געטאָן. צטיראַד באַפרייט זי. ביי־נאַכט, ווען אַלע שלאָפן, גיט סאַרקאַ אַ סיגנאַל צו אירע שוועס־

טער, וואָס געפינען זיך אין אַרומיגן וואַלד. די אַמאַזאָנקעס קומען שנעל צולויפן און שלאַכטן אַלעמען אויס.

4. „באָעמישע פעלדער און פאַרקס" — "Zceskja Lukuva Hajur"

די פערטע פּאָעמע איז אַ מוזיקאַלישע שילדערונג פון די נאַטירליכע שיינקייטן פון די וועלדער, לאָנקעס און דערפער אין באָהעמיען.

5. „טאַבאָר" — "Tabor"

די פינפטע פּאָעמע מאָלט די פעסטונג פון די הוסיטן און איז אַ פייערלאַכע אָנערקענונג פון די טאַבאָריטן פאַר זייער מוטיגן קאַמף און העלדישקייט.

6. „בלאַניק" — "Blanik"

די לעצטע סימפאָנישע פּאָעמע שטעלט פאָר דעם באַרג, וואו עס רוען די באַרימטע הוסיטער פרייהייטס־קעמפּפער, גרייט ווידער אויפצושטיין ווען זייער לאַנד וועט זיך אין זיי נויטיגן.

## אָווערטור צו „די פאַרקויפטע כלה"

Overture to "The Barted Bride"

די אָווערטור צו דער אָפּערא „די פאַרקויפטע כלה" איז דורכגעוועבט מיט פיל באָעמישע מעלאָדיען און ריטמען, און פאָלגט נאָך די הויפּט־עפּיזאָדן פון דער געשיכטע, וועלכע איז אין קורצן ווי פאָלגט:

אַ יונגער אָרימער פויער, דזשעניק, איז פאַרליבט אין מאַרענקאַ, די טאָכטער פון אַ רייכן לאַנד־באַזיצער, קרוסינאַ. דער שדכן, קעזאַל, קריגט אָבער ביי איר פאָטער אַרוים זיין צושטימונג, אַז זי זאָל הייראַטן מיקאַ׳ס זון, האַנס, וועלכער איז כמעט אַ אידיאָט און אַ שטאַמלער. מאַרענקאַ אַנטזאָגט זיך פון דעם שידוך, אָבער קעזאַל זאָגט איר געליבטן, דזשעניק, אַז זי האָט איינגעשטימט און דזשעניק פאַרקויפט צו דעם כיטרן שדכן זיין רעכט אויף דער מיידל׳ס האַנט פאַר דריי הונדערט גילדן. ווען מיקאַ און זיין פרוי קומען צוזאַמען מיט דעם חתן צו דער חתונה, אַנטדעקט זיך דזשעניק פאַר זיי, אַז ער איז זייער לאַנג־פאַרלאָרענער זון און פאַרערט די כלה.



# לואיס ספּאָר

באַרימטער פידל־שפּילער און קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 5טן אַפּריל, 1784, אין בראַנזוויק, דייטשלאַנד, און געשטאָרבן דעם 22טן אָקטאָבער, 1859. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: 3 סימפאָניס, 6 אָראַטאָריעס און 2 פידל קאָנצערטאָס.

## סימפאָני נומ. 4 (פאַרהייליגונג פון קלאַנגען)

Symphony No. 4 (Consecration of Sounds)

די אויפשריפטן איבער די פיר אָבטיילונגען זיינען:

1. שטילקייט פון דער נאַטור איידער דער טאָן איז געשאפן געוואָרן. אקטיווער לעבן נאָך דעם. נאַטור־קלאַנגען. די אונרוהיקייט פון די עלעמנטן.
2. וויג־ליד. טענץ. סערענאַדאַ.
3. מיליטערישע מוזיק. מאַרש צו דער מלחמה. די געפילן פון די וואָס זיינען געבליבן פון הינטן. דאָס צוריקקערן פון די זי־גער. א תפילה פון דאַנקזאָגונג.
4. לויה מוזיק. טרייסט אין טרערן.

די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע נעמט איר השפּעה פון קאַרל פּיי־

פער׳ס פּאָעמע מיט דעם זעלבען נאָמען, וועלכע לעזט זיך ווי פאָלגט:

„איינזאַם ליגן די פעלדער אין דעם בלומען־פּראַכט פון פרי־לינג; צווישן די שטילע פאָרמען וואַנדערט אַרום דער מענש דורך דער נאַכט, נאָכפאָלגנדיג זיין ווילדן אימפּולס; ליבע האָט נאָך קיין טאָן ניט געפונען און די נאַטור — קיין שפּראַך; די אייביקייט האָט דאַן באַשטימט צו מאַכן, אז מען זאָל זי דערפילן און זי האָט אַריינגעבלאָזן אַ קלאַנג אין דער ברוסט פון מענשן־קינד, וועלכער האָט דער ליבע געגעבן אַ שפּראַך, וואָס האָט דורכ־געדרונגען זיין הארץ און עס אָנגעפילט מיט גליק. פון יענער צייט באַגריסט אים דער נאַכטיגאַל מיט טענער פון ליבע. דער וואַלד רוישט צו אים מיט הארמאָנישע קלאַנגען, דער זעפיר מורמלט און פילט אָן זיין ברוסט מיט בײנקעניש, די כוואַליעס פון טייכעלע זינגען אים שטיל שלאָף־לידער. באַפרייט דורך דעם הייליגן טאָן פון אַלע ערדישע שטריק, טראָגט זיך דער גייסט מיט טריאומף צו די הויכע הימלען און גריסט דעם שיינעם פאָטער־לאַנד פון טרוימען.

„הייליגע טענער, קלאַנגען פון רו וואָס דערטראָגן זיך פון אַן אונבאַוואוסטער וועלט! איר זייט געשיקט אונז צו באַ־גלייטן אַלס טרייע חברים אין דעם לעבן פון פרייד און ליידן! ביי די ערשטע ליידן פון קינד אויף דער ברוסט פון זיין איבער־געבענער מוטער, דרינגט איר שוין דורך דאָס קליינע הארץ און פארוואַנדלט די ליידן אין צופרידנהייט. איר לאַדעט אַלעמען איין צו דעם פריילאַכן טאַנץ פון דער יוגנד, און די פינסטערע דאגות פארשווינדן ווי נאָר איר לאָזט זיך פריילאַך הערן. די וואָלקנס פליען שנעל אוועק פון די ברעמען, דער פארכמורעטער גייסט לייטערט זיך אויס און די געפליגלטע פוס טראָגט זיך לייכט אויף די כוואַליעס פון קלאַנגען.

„אין דער פינסטערער שאָלאַכץ פון דער נאַכט הערט מען אייך פון דעם יונגן מאַנ׳ס מויל; איר טראָגט איבער די שטראָמען פון זיין שטאַרקער ליבע צו זיין געליבטער. הייליגע טענער! קלאַנגען פון ליבע! אייער צויבער־קראַפט מאַכט ווייך דאָס הארץ פון דער געליבטער און די יוגנד טענות ווערן שטיל.

„אָבער איר רופט אויך מיט דער מאכט פון באגייסטערונג צו מלחמה, לערנענדיג די יוגנד צו האסן דאָס לעבן, ווען דער טרומפּייט גיט דעם סיגנאַל. דאגות, שרעק און געפאַרן פאַר־שווינדן הינטער די טריאומפירנדע טענער, און דער שרעקלאכער קול טראָגט זיך פאָראויס, צו בינדן די ברעמען מיט בלוטיגע לאָר־בער קראַנצן.

„נאָכדעם אָבער ווען די ווילדע מלחמה איז פאָראיבער און דער זיג איז געוואונען געוואָרן, הויבסטו ווידער אָן מיט צאַרטע קלאַנגען פון שלום. דאן טראָגסטו דאָס הארץ אויף די פליגלען פון פרומקייט צו דעם אייביגן גאָט, און דער פריילעכער כאָר פון די זיגער גיט אַ לויב־געזאַנג צו דעם גאָט פון מלחמות.

„הייליגע טענער, אייערע פרידנס־קלאַנגען באגלייטן אויך דעם מידן, ווען ער שיידט זיך פון דער וועלט און פארזינקט שטיל אין זיין קבר. איר מורמלט תפילות צו די וואָס דריקן אוים זייער ליבע צו אים אין שטומער ביינקעניש, איר גיט טרערן צו די טרערנלאָזע צו באוויינען זייער פארלוסט.

„הייליגע טענער, זייט איר שיינע טרוימען פון דעם אונבאַ־וואוסטן פאָטערלאַנד? זייט איר קינדער פון יענע געבענשטע רוימען, וועלכע זיינען געשיקט צו אונז אַלס שלוחים פון שלום? אָ, פארלאָזט אונז קיינמאָל ניט, איר זיסע טענער! לאָזט מיר זיך פאָרשטעלן, אַז איך בין אין אייער היים און לאָזט מיר זיך איינגאַנצן פארגעסן אָן די קייטן וואָס האלטן מיך פעסט געשמידט“.



# ריכאַרד שטראַוס

באַרימטער דייטשער דיריגענט און קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 11טן יוני, 1864, אין מינכן. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראס „סאַלאָמע", „דער ראָזנקאַוואַליער" און „עלעקטראַ", 2 סימפאָניס און סימפאָנעטעס, די סימפאָנישע פּאָעמעס „דאָן זשואַן", „מאַקבעט", „טויט און אויסוואַלדונג", „טיל אוילענשפּיגל", „דאָן קיכאָט", „אַ העלדן לעבן", „אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ" און סימפאָני „פון הויז לעבן".

## סימפאָנישע פאַנטאַזיע (פון איטאַליען)

Symphonic Fantasia (From Italy)

די פיר אָפּטיילונגען פון דער סימפאָנישער פאַנטאַזיע זיינען באַצייכנט מיט פאָלגנדע אויפשריפטן:

1. איבער קאַמפּאַניע.
2. צווישן די חורבות פון רוים.
3. ביים ברעג פון סאָרענטאָ.
4. נעאַפּאָליטאַנער פאָלקס-לעבן.

די ערשטע אָפּטיילונג עפנט זיך מיט א טעמע, וואָס שילדערט די איינזאַמקייט פון קאַמפּאַניע מיט צופעליגע אָנדייטונגען אויף די היסטאָרישע פאַסירונגען, וואָס האָבן זיך דאָרטן אָפּגעשפּילט.

אין דער צווייטער אָפּטיילונג ווערט איבערגעגעבן אין פאַנ־טאַסטישע בילדער דער פאַרשוואונדענער גלאַנץ פון דער אייבי־גער שטאָט, און די געפילן פון אומעט און בייִנקעניש וואָס כאַפּן אַרום אין מיטן פון דער הערליכער אומגעבונג.

די דריטע אָפּטיילונג איז באַצוועקט צו מאָלן אַ בילד פון ים, וואָס באַוועגט זיך פון די ווינטן.

די לעצטע אָפּטיילונג איז דאָס רוב געבילדעט אויף נעאַפּאָ־ליטאַנער פאָלקס־לידער.

## "אַן אַלפּישע סימפאָני"

## "An Alpine Symphony"

די פאַרשידענע בילדער, וואָס פאָלגן שנעל איינע נאָך די אַנדערע אין דער דאָזיגער סימפאָני ווערן דערקלערט פון מר. אַפּ־טאָן, ווי פאָלגט:

אין דער עפענונג הויבט זיך אָן אַ בילד פון נאַכט, געשיל־דערט פון די פידלען און בעסער. דאָס ווערט נאָכגעפאָלגט פון אַ באַרג מאָטיוו אין די בלאָז־אינסטרומענטן. נאָך דעם ווי די טעמע אַנטוויקלט זיך אַנאַנסירט דער גאַנצער אָרקעסטער דעם אויפגאַנג פון דער זון. דאָס איז דער אַריינפאָר צו דער הויפּט־אָפּטיילונג, וועלכע הייסט: „דאָס אויפשטייגן".

יעגער־האָרנס גיבן דעם סיגנאַל פאַר דעם אַריינגאַנג אין וואַלד. דאָס ווערט נאָכגעפאָלגט פון אַן אָפּטיילונג, וואָס הייסט „וואַנדערונג אַרום אַ טייכל" און מיר קומען צו צו אַ וואַסערפאַל, וואָס ווערט נאָכגעמאַכט דורך דעם רויש פון די צימבאַלס. דאַן פאָלגן די אַנדערע אָפּטיילונגען, „גייסטער דערשיינונג", „אויף דער בלומען־לאָנקע" און דער צוהערער ווערט פאַרלאָרן צווישן די גע־דיכטע וועלדער. אַרויסקומענדיג פון דאָרטן געפינט ער זיך „אויף דעם „אייז־באַרג" און לעבט דורך „געפערלאַכע מאָמענטן" ביז ער דערגרייכט ענדליך „דעם שפּיץ". וואָלקנס דערשיינען, אָבער זיי ווערן צעשפּרייט פון דער זון. דאַן פאָלגט אַן עלעגיע. די פּויקן אַנאָנסירן דאָס אָנקומען פון אַ שטורם, וועלכער פּלאַצט אויס מיט אַ מורא'דיגער קראַפט.

צום שלום הויבט אָן דער צעמישטער רייזנדער ארונטערצו־קלעטערן. די זון גייט אונטער און די נאַכט קומט ווידער אָן, ווי ביים אָנהויב פון דער סימפאָני.

## סימפאָנישע פּאָעמע „דאָן זשואַן"

### Symphonic Poem "Don Juan"

די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע איז געבילדעט אויף א דראַמאַטישע פּאָעמע מיט דעם זעלבן נאָמען פון דעם אונגארישן פּאָעט, ני־קאָלאַס לענאו. די הויפּט־פּונקטן פון די דריי אויסצוגן, וואָס ווערן געדרוקט איבער דער מוזיק, זיינען אין קורצן ווי פאָלגט:

1. דאָן זשואַנ'ס וואונש ארומצואוואַנדערן אין דעם באַצױ־בערטן קרייז פון שיינע פרויען און צו שטאַרבן מיט א קוש אויף די ליפּן פון דער לעצטער.

2. איבערטרעטנדיג די אינדיווידומס, פאַרגעטערט ער די מינים; דער אָטעם פון א פרוי וועלכע איז היינט ווי דער דופט פון פרילינג, קען זיין צו אים מאָרגן ווי די לופט פון א פינסטערער גרוב; ער יאָגט זיך נאָך נייע און נייע נצחונות כל זמן עס קלאַפּן די מורא'דיגע פולסן פון דער יוגנד.

3. דער וואונדערבאַרער שטורעם איז איינגעשטילט און דאָס הארץ איז געוואָרן קאַלט און פינסטער.

אויסער די אַלגעמיינע פּונקטן זיינען דאָ אין דער מוזיק דריי ליבעס־עפּיזאָדן מיט פרויען פון פאַרשידענע כאַראַקטערס און א דועל מיט דעם פאָטער פון איינער, דורך וועמעס הענט דאָן זשואַן פאַלט טויט.

די מוזיק עפנט זיך מיט א סעריע פון אונרואיגע טעמעס, נאָכגעפאָלגט פון דעם „דאָן זשואַן" מאָטיוו און די דריי ליבעס־עפּיזאָדן, וועלכע ענדיגן זיך אויף פאַרשידענע אופנים. אין פאַר־צווייפלונג וואַרפט זיך דאָן זשואַן אריין אין אַן אַלגעמיינעם קאַר־ניוואַל פון פרויען און שיכרות. די אָרגיעס ענדיגן זיך דורך א דורכדרינגענדן דיסאָנאַנס פון די טרומפּייטן, וועלכע אָנאָנסירן דאָן זשואַנ'ס סוף.

## טאָן פּאָעמע „טויט און צופאַלונג"

Tone Poem "Death and Transfiguration"

די דאָזיגע טאָן־פּאָעמע איז פארפאסט געוואָרן אלס אילו־סטראציע צו קארל ריטער'ס פּאָעמע. די פיר אָפּטיילונגען פון דער פּאָעמע, געדרוקט איבער דער מוזיק, זיינען אין פּראָזע ווי פאָלגט:

1. אין א קליינעם אָרימן צימער וואָס איז שוואך באלויכ־טען ליגט אין א בעט א קראנקער מאן, וועלכער איז איינגעשלאָפן נאָך א שווערן פארצווייפלטן קאמף מיט'ן טויט. איבער דעם בלאסן פנים פון דעם קראנקן שוועבט א שמייכל, אזוי ווי ער זאָל זיין באהערשט פון א חלום וועגן דער גאָלדענער צייט פון זיין יוגנד.

2. אין א קורצע צייט אָרום ווערט דער קאמף צווישן דעם וואונש צו לעבן און דער מאכט פון טויט ווידער באנייט, אָבער אָן א זיג פון ביידע צדדים. עס ווערט ווידער שטיל.

3. ווי אין פיבער ליגט דער ליידנדער און זעט מיט זיין גייסטיגער אויג די פארשידענע בילדער פון זיין קינדהייט, די גע־וואגטע שפּילן פון זיין יוגנד, דאָס ענערגישע שטרעבן פון די ווייטערע יאָרן ווען ער איז איבערגעקומען די גרעסטע שטערונגען ביז דער לעצטער מינוט ווען דער טויט קומט.

4. מיט הערליכע קלאַנגען קומט אַרונטער צו אים פון הימעל דאָס, וואָס ער האָט מיט בייגקשאפט געזוכט — די באפרייאונג און אומגעשטאַלטונג פון דער וועלט.

## סימפאָנישע פּאָעמע „טיל אוילענשפּיגל"

Symphonic Poem "Till Eulenspiegel"

די מוזיק פון „טיל אוילענשפּיגל" שטעלט פאָר די עקסצענט־רישע קאריערע פון א העלדישן חברה־מאן, די קאָמישע שפּיצלאך וואָס ער טוט אָפּ און ווי ער ווערט פאראורטיילט צו דער תליה.

די פארשידענע טעמעס וואָס אילוסטרירען די פאסירונגען פון דעם העלד ווערן אנאַליזירט ווי פאָלגט:

1. פּראָלאָג. אמאָל איז געווען א ווילדער יונג מיט דעם נאָמען טיל אוילענשפּיגל.

2. ער האָט געוואנדערט פון פּלאַץ צו פּלאַץ. זיינע קליידער זיינען צוריסן און פאַרלאַטעט.

3. ווי אַ בייזער גייסט איז ער געווען און איבעראַל שאָדן געמאַכט.

4. אַלע מאָל האָט ער נייע שפּיצלאַך אָפּגעטאָן.

5. וואַרט! דו היפּאָקריט!

6. האָפּ! ער רייסט זיך אַריין, רייטנדיג אויף אַ פערד אין מיטן פון די מאַרק־פרויען. אַ קלאַנג פון צובראָכענע טעפּ און שיסלען.

7. דער חברה־מאַן פאָרט שנעל אַוועק.

8. ער באַהאַלט זיך אין אַ זיכערן פּלאַץ.

9. פאַרשטעלט אַלס גלח, פאַרפּלייצט ער מיט דרשות פון מאָראַל.

10. אָבער דער צולאָזענער יונג קוקט אַרויס פון די פאַלדן פון זיין מאַנטל.

11. פילנדיג אַז ער איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכן, אָפּלאַכנדיג פון רעליגיאָן, באַפאַלט אים אַ געהיימע שרעק.

12. טיל ווערט אַ דאָן זשואַן און שיינקט אויפמערקזאַמקייט צו שיינע מיידלאַך.

13. איינע האָט אים באַצויבערט און ער פאַרליבט זיך אין איר.

14. ער שלאָגט איר פאָר צו הייראַטן מיט אים.

15. אַ העפליכע צוריקווייזונג.

16. ער קערט זיך אָפּ פון איר מיט כעס.

17. ער שווערט נקמה צו נעמען פון דער גאַנצער מענש־ליכער ראַסע.

18. עפּעס מאָדנע פּערזאָנען דערנענטערן זיך. אַ גרופּע אָרימע וואַנדערער.

19. ער מאַכט שפּאַס פון זיי און לאָזט זיי איבער צו זייער אייגענעם שיקזאַל.

20. ווילדע גרימאַסן פון דער ווייטן.

21. טיל זינגט אַ וואולגאַרע גאַסן־ליד.

22. פלוצלינג ווערט זיין הומאָריסטישע שטימונג איבער־געריסן. מען שלעפּט אים אין געריכט.
23. דער משפּט.
24. ער פייפט גאַנץ גלייכגילטיג.
25. דער פּאַטאַלער מאָמענט דערנענטערט זיך; זיין לעצ־טע שטונדע האָט געשלאָגן! ער קריכט אויפ'ן לייטער! דער לעצטער ציטער און אַלץ וואָס איז שטערבליך אין טיל'ן איז געענדיגט.
26. עפּילאָג. וואָס איז אונשטערבליך אין אים — זיין הומאָר — בלייבט.

## טאָן פּאָעמע „אַזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ"

Tone Poem "Thus Spoke Zarathustra"

די דאָזיגע פּאָעמע, פריי באַארבייט נאָך פרידריך ניטשע, זוכט איבערצוגעבן מוזיקאַליש די פאַרשיידענע פּאַזן פון דער אַנט־וויקלונג פון דער מענשליכער ראַסע ביז צו דער פילאָזאָפישער אידייע וועגן דעם אויבער־מענש.

די פּראָגראַם פון דער מוזיק, אָנגעצייכנט פון דעם קאָמפּאָ־זיטאָר, באַשטייט פון געוויסע הויפּט־פּונקטען, וואָס ווערן באַרירט אין דעם דאָזיגען ווערק:

1. וועגן די הינטער־וועלט מענשן, אַזעלכע וואָס גלויבן אין יענער וועלט.
2. וועגען דער גרויסער בייגקעניש.
3. וועגן פרייד און ליידנשאַפטן.
4. דאָס באַערדיגונגס־ליד (פון זיין פריערינן „איך").
5. וועגן וויסנשאַפט.
6. וועגן דעם געזונט ווערנדן מענשן.
7. די טאַנץ מעלאָדיע. דער אויבערמענש האָט אַרונטער־געוואָרפן די לאַסט פון געוויינלאַכן מענשן.
8. דאָס ליד פון דעם נאַכט־וואַנדערער אָדער „וויין גע־זאַנג".

די מוזיק עפנט זיך מיט אַ טעמע פון טרומפּייט, וואָס פירט

צו א קלימאקס פון גאנצן אָרקעסטער. דאַן פאָלגן נייע טעמעס, וועלכע שילדערן זאראטוסטרא׳ס ארונטערקומען צו לערנען די דאָקטרין פון דעם אויבער־מענש און וועגן דער ביינקשאפט פון יענע אין דער הינטער־וועלט. אַן אנדער טעמע, געשפּילט פון די פידלען, זינגט וועגן זייערע פריידן און ליידנשאפטן. די טעמע ווערט נאָכגעפאָלגט פון דעם קבר־מאָטיוו. די פארצווייפלונג פון דער וויסנשאפט איז באהאנדלט אלס א פוגע־עפּיזאָד, באזירט אויף דעם מאָטיוו פון דער עפענונג. דאַן פאָלגט די טעמע פון דעם ערהאָלנדן אלס אַן אָפּטימיסטישער קוק פון דער מענשהייט, פירנדיג צו די יובילירנדע אויסרופן פון דעם אויבערמענש, וואָס דריקן זיך אויס אין דעם טאנץ־ריטם.

צום שלוס קלינגען די גלאָקן צוועלף מאל און שטעלן מיט זיך פאָר דאָס ליד פון נאכט־וואנדערער. די מיסטישע ווערטער, דורך וועלכע ניטשע באצייכנט די גלאָקן־קלאנגען, זיינען ווי פאָלגט:

איינס! — אָ, מענש, גיב אכטונג!
צוויי! — וואָס זאָגט די מיטן־נאכט שטונדע?
דריי! — איך בין געשלאָפן, איך בין געשלאָפן.
פיר! — איך האָב דערוואכט פון א טיפן טרוים.
פינף! — די וועלט איז טיף.
זעקס! — טיפער ווי דער טאָג האָט געוויזן.
זיבן! — טיף איז זיין שמערץ.
אכט! — פרייד, נאָך טיפער ווי פון הארץ־ווייטאָג.
ניין! — שמערץ זאָגט: „פארשווינדן“.
צען! — דאָך וויל יעדע פרייד אייביקייט.
עלף! — טיפע, טיפע אייביקייט וויל עס!
צוועלף! —

## פאַנטאַסטישע בילדער „דאָן קיכאָט“

### Fantastic Variations “Don Quixote”

די מוזיק אילוסטרירט די הויפּט־אינצידענטן פון סערוואַנ־טעס׳ ווערק מיט דעמזעלבן נאָמען.

דער אריינפיר קען באטראכט ווערן אלס א בילד פון דאָן קיכאָט, זיינע געדאנקען און געפילן, און זיין באשלוס צו ווערן א ריטער. ווען ער הויבט אָן צו שטודירן די געזעצן פון ריטערטום און רעאליזירט וואָס פאר א שווערע פליכטן עס לייגט ארויף, ווערט ער משוגע.

דאָן פאָלגט א סעריע פון בילדער אין פאַרענדערטע פאָרמען, וואָס שילדערן זיינע איבערלעבונגען.

דאָס ערשטע בילד איז זיין אטאקע אויף די ווינט־מילן. די שנעלע לופט־באוועגונגען ווערן ארויסגעבראכט דורך טרילס אין די פידלען און דורך זאָנדערבארע עפעקטן פון די בלאָז־אינסטרו־מענטן.

אין דעם צווייטן בילד מאכט ער זיין מורא'דיגע אטאקע אויף דער סטאדע שעפסן, וועלכע ער באטראכט אלס די ארמיי פון דעם מעכטיגן קעניג אלפאנפאראָן, און ער מאכט דעם שונא צו אנטלויפן.

דאָס דריטע בילד גיט איבער דעם טומלדיגן דיספוט פון דאָן קיכאָט און סאנטשע פאנטשאָ איבער ריטערטום.

אין פערטן בילד זעען מיר דאָן קיכאָט'ן ווי ער פאלט אָן אויף די פיליגרימען, וואָס טראָגן א צוגעדעקטן גאָט־בילד, וועלכן ער נעמט אָן פאר א בארימטע פרוי וואָס ווערט אוועקגעטראָגן מיט גוואלד.

אין פינפטן און זעקסטן בילדער ווערט אויסגעדריקט זיין בייגקעניש נאָך דער אידעאלער פרוי, דעלצינאָ, און דער שפיצל וואָס סאנטשא שפילט אים אָפּ אָנווייזנדיג אויף א מיאוס'ע פויער־טע אלס דעם געגענשטאנד פון זיין גליק.

אין דעם זיבעטן בילד ווערט פאָרגעשטעלט דער לעבערליכער עפּיזאָד ווי דער ריטער און זיין באגלייטער זיצן ביידע מיט פאר־בונדענע אויגן אויף א הילצערנעם פערד און שטעלן זיך פאָר, אז זיי מאכן א לופט־רייזע.

אין דעם אכטן בילד ווערט געמאָלן די רייזע צו דער פאר'־כישופ'טער שיף, און אין דעם ניינטן בילד — זיין צוזאמענשטויס מיט די צוויי גלחים, וועלכע ער נעמט אָן פאר מכשפים.

אין דעם צענטן ביִלד ווערט געמאָלן זיין פּאסירונג מיט דעם ריטער פון דער לבנה, וועלכע ענדיגט זיין קאריערע.

אין דעם פינאַל קריגט ער צוריק זיין פארשטאנד, אָבער א ציטער אין די פידלען דערציילט וועגן זיין שנעל אָנקומענדן סוף. צום שלוס באצייכנט די טשעלאָ די ענדע פון זיינע נארישקייטן און פון זיין לעבן.

## טאָן פּאָעמע „דאָס לעבן פון א העלד"

Tone Poem "A Hero's Life"

די טאָן־פּאָעמע איז אין זעקס פאראייניגטע צווישן זיך אָב־טיילונגען, וועלכע ווערן באצייכנט ווי פאָלגט:

1. דער העלד.
2. דעם העלד'ס געגנער.
3. דעם העלד'ס לעבנס־באגלייטערין.
4. דעם העלד'ס שלאכטפעלד.
5. דעם העלד'ס פרידלאכע ארבעט.
6. דעם העלד'ס צוריקציען זיך פון דער ארבעט און דער סוף פון זיינע שטרעבונגען...

די עפענונג־טעמעס שילדערן די כאראקטעריסטישע שטריכן פון דעם העלד, זיין שטאָלץ, בויגזאמקייט, פילנדע נשמה און פאָרשטעלונגס־קראפט.

אין דער צווייטער אָבטיילונג ווערן געמאָלן זיינע געגנער און דער קריג, וואָס קומט פאָר צווישן זיי.

די דריטע אָבטיילונג איז ליבעס־מוזיק און שליסט זיך מיט א דועט פון פידל און אָבאָע.

די פערטע אָבטיילונג שילדערט די שרעקנס־בילדער פון דער מלחמה, וועלכע ענדיגן זיך מיט א ליד פון נצחון.

דאַן פאָלגן דעם העלד'ס פרידלאכע דעראָבערונגען, אין וועל־כע דער קאָמפּאָזיטאָר האָט אריינגעבראכט טעמעס פון כמעט אַלע זיינע טאָן־פּאָעמעס, פון זיין מוזיק־דראמע „גאנטראם" און פון אייניגע לידער זיינע.

די לעצטע אָבטיילונג באציט זיך אויף דעם העלד'ס צוריק־ציען זיך פון דער וועלט. עס הויבט זיך אָן מיט עראינערונגען און ענדיגט זיך מיט א מעכטיגן אויסברוך פון גאנצן אָרקעסטער.

# סימפאָני פון „הויז־לעבן"

## "Domestic" Symphony

די דאָזיגע סימפאָני שטעלט פאָר א פאמיליען־אידליע, אין וועלכע דער קאָמפאָזיטאָר שילדערט א טאָג פון זיין אייגענעם לעבן. די פראָגראם פון דער סימפאָני איז ווי פאָלגט:

די ערשטע אָבטיילונג פירט אריין און אַנטוויקלט די דריי הויפט־גרופּן פון טעמעס: דעם מאַן'ס טעמע, דער פרוי'ס טעמע און דעם קינד'ס טעמע.

די סקערצאָ וואָס טראָגט דעם איבערשריפט „גליק פון על־טערן" שטעלט פאָר ווי דאָס קינד שפּילט זיך און דאַן א וויג־ליד.

די אדאגיאָ „שאפן און דיינקען" איז א ליבעס־סצענע, טרוי־מען און אויפפּאסונג.

די לעצטע סצענע שטעלט פאָר דערוואכונג און א לעבעדיגן דיספּוט, און עס ענדיגט זיך מיט א פריילאכן שלום.



## איגאָר סטראַווינסקי

באַוואוסטער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 5טן יוני, 1882, אין פּעטראָגראַד. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּערא „דער

נאַכטיגאַל״, די באַלעטן „פּעטרושקאַ״, „פייער פויגל״, „פייערווערק״ און „דער קרבן צום פרילינג״, און די סימפאָני אין „אי פלעט״.

## „פּעטרושקאַ״

**"Petrushka"**

די קאָמפּאָזיציע „פּעטרושקאַ״ איז אַן אילוסטראַציע אויף דער פאָלגנדער געשיכטע:

אויף דעם מארק־פּלאַץ פון פּעטערבורג ווערט געגעבן אַ פאָרשטעלונג פון אַ שוואַרצקינסטלער פאַר אַ גרויסן עולם. עס ווערט פאָרגעשטעלט אַ סצענע פון אַ טענצערין און אירע צוויי פאַרליבטע — דער ראָמאַנטישער פּעטרושקאַ און דער ליידנ־שאַפטלאַכער מור. צווישן די צוויי מענער ברעכט אויס אַ מורא׳־דיגער קאַמף פאַר דער ליבע פון דער טענצערין. פּעטרושקאַ ווערט אַריינגעוואָרפן אין אַ פינסטערן קעלער. דאָרטן באַוויינט ער זיין טרויעריגע לאַגע, מאַכט אַ פרוכטלאָזן פאַרזוך צו אַנטלויפן און ווערט ענדליך דערמאָרדעט פון דעם ווילדן מור. די שרעק־ליכע סצענע רופט אַרויס גרויס אויפרעגונג צווישן עולם און דער שוואַרצקינסטלער איבערצייגט זיי, אַז עס איז ניט קיין לעבעדיגע מענשן נאָר וואַקסענע ליאַלקעס.

די מוזיק פאָלגט נאָך די פאַרשיידענע סצענעס פון דער גע־שיכטע. די טעמעס פון די טענץ אין דער ערשטער סצענע זיינען געגרינדעט אויף רוסישע פאָלקס־לידער.

## סוט פון „די פייער פויגל״

**Suite "The Fire Bird"**

די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע באַשטייט פון טאַנץ־מוזיק, וואָס אילוסטרירט פאָלגנדע רוסישע פאָלקס־מעשה׳לע:

די פייער־פויגל פאַלט אַריין אין די הענט פון דעם יונגן פּרינץ איוואַן. אַלס אַ פּרייז פאַר איר פרייהייט גיט זי אים איינע פון אירע פעדערן, און זי פליט אַוועק אין די ווייכע בלויע נאַכט־שאָטנס. ווען עס קומט אָן דער פרימאָרגן געפינט זיך איוואַן לעבן אַ פאַר׳כישופ׳טן פּאַלאַץ און ער זעט ווי עס מאַר־שירט אַרויס פון טויער אַ גרופּע ווייס־געקליידטע מיידלאַך, גע־

פירט פון א פּרינצעסין. ער פאַרליבט זיך אין דער פּרינצעסין און בלייבט מיט איר אַליין. ווען ער עפנט דעם טויער און וויל אריינגיין אין פּאַלאַץ הערט זיך א שטאַרקער טומל. עס לויפן ארוים מחנות שקלאַפן און באַוואָפנטע מענער און רינגלען זיי ארום מיט געשרייען. ווען דער טומל גרייכט דעם קלימאַקס קומט ארויס דער שרעקליכער מאָנסטער קאַשטשיי, וועלכער באַוואוינט דעם פּאַלאַץ. ער ווערט שטאַרק אין כעס און פאַרוואַנדלט א גרויסע טייל פון עולם אין שטיינער. אויף איוואַנ׳ען האָט ער אָבער קיין שליטה ניט, ווייל דער פעדער פון פייער־פויגל באַשיצט אים. ווען קאַשטשיי וויל באַרירן דעם פעדער קומט צופליען די פויגל אַליין. זי מאַכט דעם גאַנצן עולם צו טאַנצן, שלעפערט זיי איין און ווייזט איוואַנען די איי, אין וועלכער עס ליגט באַהאַלטן קאַשטשיי׳ס נשמה. ער צוברעכט עס און דער אַלטער ווערט צושמעטערט אויף שטיקלאַך. די שטיינער ווערן דאַן צוריק לעבעדיג און די געליבטע פאַראייניגן זיך.

די מוזיק באַשטייט פון פאָלגנדע זעקס אָבטיילונגען:

1. דער אריינפיר.
2. די פייער־פויגל און איר טאַנץ.
3. דער טאַנץ פון די פּרינצעסינס.
4. דער טאַניץ פון קעניג קאַשטשיי.
5. וויג־ליד.
6. קאַשטשייס׳ טויט. פייערונג פון דעם פרייליכן שלום.

## „דער נאַכטיגאַל״

## “The Nightingale”

די מוזיק פון דער דאָזיגער קאָמפּאָזיציע איז געשאַפן געוואָרן צו אילוסטרירן די באַוואוסטע מעשה׳לע פון הענדערסאָן מיט דעם זעלבן נאָמען.

אין ערשטן אַקט ווערט פאָרגעשטעלט ווי א דעפּוטאַציע פון כינעזישן קעניג זוכט ארום דעם נאַכטיגאַל אין פּאַרק און וויל אים איבערגעבן די איינלאַדונג צו קומען אין קעניגליכן הויף. די דעפּוטאַציע ווערט געפירט פון דער קיך־מיידל, ווייל זי אַליין וויים ווי דער נאַכטיגאַל זעט אויס. דער נאַכטיגאַל האָט קיין

חשק צו פאַרלאָזן דעם שטילן פּאַרק, אָבער ער שטימט ענדליך איין צו גיין מיט זיי.

אין צווייטן אַקט ווערט פאַרגעשטעלט ווי דעם נאַכטיגאַל'ס געזאַנג מאַכט אַ גוטן איינדרוק אויף דעם קעניג און פאַרטרייבט זיין מרה־שחורה. די אייפערזיכטיגע הויף־לייט ברענגען אַ מעכאַנישע פויגל און דער נאַכטיגאַל פליט אַוועק צוריק אין וואַלד.

אין דריטן אַקט ליגט דער קעניג אויפ'ן טויטן־בעט. דער נאַכטיגאַל קערט זיך אום צוריק און באַצויבערט דעם קעניג מיט זיין זינגען. דער קעניג ווערט געזונט און שלאָגט פאָר זיין רעטער אַ פּלאַץ אין קעניגליכן הויף. דער זינגער אַנטזאָגט זיך פון דעם כבוד און פליט אַוועק צוריק מיט דעם צוזאָג אָפּט צו קומען. די הויף־לייט קומען אַריין און דיינקען, אַז זיי וועלן טרעפן דעם קעניג טויט, אָבער ער באַגעגנט זיי מיט אַ „גוט מאָרגן".

די מוזיק פאָלגט נאָך דעם אינהאַלט פון דער דראַמע און דריקט אויס דעם גאַנצן סימבאָליזם אירן. עס ווערן אַרויסגעבראַכט אפילו די קאָמישע עפּיזאָדן, ווי די הויף־לייט נעמען אָן דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס און דאָס מוקען פון די בהמות פאַר דעם געזאַנג פון נאַכטיגאַל און ווי די הויף־דאַמען פילן אָן זייערע מיילער מיט וואַסער און גאָרגלען כדי נאָכצומאַכן דעם פויגל'ס טרעלן.

## „דער קרבן צום פרילינג"

### "The Sacrifice to Spring"

די מוזיק איז גענומען פון אַ באַלעט־טאַנץ, וועלכער אילוסטרירט געוויסע סצענעס, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין רוסלאַנד מיט אַ לאַנגער צייט פאַר דעם קריסטלאַכן צייט־רעכענונג.די סצענעס שטעלן פאָר די רעליגיעזע צערעמאָניעס וואָס זיינען פאַרבונדען מיט די תפילות צו דער ערד און צום פרילינג. נאָך אַ סעריע פון טענץ ווערט איינע פון די אינגסטע מיידלאַך אויסגעקליבן אַלס קרבן צו דעם פרילינג. זי פאַרשפּאַרט אירע פריינד די אַרבעט זי צו טויטן דורך דעם וואָס זי טאַנצט אַזוי לאַנג ביז זי פאַלט טויט.



# פּיאָטר טשייקאָווסקי

איינער פון די גרעסטע רוסישע קאָמפּאָזיטאָרס. געבאָרן דעם 7טן מאי, 1840, אין וואָטינסק; געשטאָרבן דעם 12טן אָקטאָבער, 1893. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראַס „יעווגעני אָניעגין", „דאַמע פּיק", „אָפּריטשניק" און „דער וואָיעוואָדע", 6 סימפאָניס, די סימפאָנישע פּאָעמעס און פאַנטאַזיעס „דער שטורעם", „ראָמעאָ און דזשוליעט", „האַמלעט", „מאַנפרעד" און „פראַנצעסקאָ דא רימיני", די אָוווערטורס „טריאָמפאַלע", „סאלינעלע" און „1812", די סוטס „נוס קנאַקער" און „מאזארטאַניא", 3 פּיאַנאָ קאָנצערטאָס, דער „מאַרש סלאַוו", איטאַליענישער קאַפּריז און 3 סטרינג קוואַרטעטס.

## סימפאָני נומער 4

### Symphony No. 4.

די פערטע סימפאָני איז אַ מוזיקאַלישער אויסגוס פון אַ שווער אַנגעלאָדענער נשמה. אין אַ בריוו וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געשריבן צו זיין בעסטער פריינדין, מאדאם פאָן מעק, ווערט געגעבן דער פאָלגנדער אנאליז פון דער דאָזיגער סימפאָני:

„איר פרעגט מיך, אויב איך האָב געהאַט וועלכן עס איז ספּעציעלן פּראָגראַם אין זינען, ווען איך האָב געשאַפן די סימ־

פאָני. יא, פאַר אונזער סימפאָני איז דאָ אַ פּראָגראַם, ד. ה. עס איז מעגליך אויסצודריקן דעם אינהאַלט אין ווערטער און איך וועל נאָר דיר אַליין איבערגעבן די באַדייטונג פון די פאַרשיידענע אָבטיילונגען.

דער אריינפיר אנטהאַלט דעם הויפּט-געדאַנק פון דער גאַנ־צער סימפאָני. דאָס איז דער שיקזאַל וואָס שטערט איינעם צו זיין גליקלאַך און דערגרייכן זיין ציל. די דאָזיגע קראַפט איז אומפאַרמיידליך און קען ניט באַזיגט ווערן. עס בלייבט נאָר איבער זיך אונטערצוגעבן און אומזיסט צו טרויערן. די געפילן פון צובראָכנקייט און הילפלאָזיקייט ווערן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. איז ניט בעסער אַוועקצוגיין פון דער ווירקלאַכקייט און זיך פאַרוויגן אין טרוימען? אָ, וואָס פאַר אַ פרייד! וואָס פאַר אַ צאַרטער און זיסער טרוים! אַ שטראַלנדע געשטאַלט שוועבט פאַר מיינע אויגן און רופן מיך... פון דער וויטן דער־טראָגט זיך דער ערשטער מאָטיוו פון דער אַלעגראָ. ביסלאַכווייז ווערט די נשמה איינגעהילט אין אַ נעץ פון טרוימען. אַלץ וואָס איז אומעדיג און טרויעריג איז פאַרגעסן. גליק, גליק, גליק!... ניין, דאָס זיינען ניט מער ווי חלומות! דער שיקזאַל יאָגט זיי אוועק. דאָס לעבן איז ניט מער ווי אַן אייביגע ענדערונג פון דער טרויעריגער ווירקלאַכקייט און פון שמייכלענדע טרוימען פון גליק. עס האָט קיין האַפן: דו ווערסט געשטויסן פון די כוואַליעס הין און הער, ביז דער ים פאַרשלינגט דיך.

די צווייטע אָבטיילונג דריקט אויס ליידן פון אַן אנדער כאַראַקטער. עס איז אַ געפיל פון מעלאַנכאָליע וואָס נעמט אונז אַרום, ווען מיר זיצן אין אָוונט אַליין אין הויז, אויסגעמאַטערט פון דער אַרבעט; דאָס בוך גליטשט זיך אַרויס פון האַנט און אַ מחנה פאַרשיידענע עראינערונגען שווימט אַרויס אין אונזער גע־דאַנק. ווי טרויעריג עס איז וואָס עס איז שוין פאַרביי אַזוי פיל צייט און דאָך איז אַנגענעם זיך צו דערמאָנען אָן די פאַרגאַנגענע יאָרן. מיר באַדויערן די פאַרגאַנגענהייט און האָבן ניט דעם מוט און ניט דעם ווילן אָנצוהויבן אַ נייעם לעבן. מיר זיינען שוין מיד פון לעבן. קוקנדיג צוריק שווימען אַרויס אין אונזער גע־דאַנק פיל זכרונות. מיר דיינקען וועגן די גליקלאַכע שטונדן ווען

אונזער יונגעם בלוט האָט נאָך געקאָכט און געזידט, און מיר האָבן געפונען באפרידיגונג אין לעבן. מיר דיינקען אויך וועגן די טרויעריגע מאָמענטן און וועגן די שווערע פארלוסטן. דאָס אַלץ איז שוין ווייט, אַזוי ווייט הינטער אונז. עס איז שווער און דאָך אַזוי זיס צו טראכטן וועגן דער פארגאַנגענהייט.

אין דער דריטער אָבטיילונג איז קיין באַשטימטער געפיל ניט אויסגעדריקט. דאָ זיינען קאַפּריזנע פיגורן און ניט קלאָרע פאָרמען וואָס פּלאָנטערן זיך פאַר די אויגן, ווען איינער טרינקט און פילט זיך אַביסעל אויפגערעגט. די שטימונג איז ניט פריילאַך און ניט טרויעריג. מען דיינקט דאַמאָלס וועגן קיין זאַך ספּעציעל. פלוצלונג שווימט ארויס פון געדאַנק אַ בילד פון אַ שיכור'ן פויער און פון אַ גאַסן-לידל. פון דער ווייטן הערט זיך מיליטערישע מוזיק וואָס טראָגט זיך פאַרביי. דאָס זיינען די צושוואוּמענע פאָרשטעלונגען וועלכע דערשיינען און פארשווינדן פון דעם מאַרך, איידער מען שלאָפט איין.

אין דער פערטער אָבטיילונג ווערט אויסגעדריקט פאָלגנדער געדאַנק. ווען דו געפינסט ניט קיין פרייד אין זיך, זוך עס ארום זיך. גיי צווישן איינפאַכן עולם און קוק זיך איין. זיי וויסן ווי זיך צו אַמוזירן. דאָס בילד פון אַ פאָלקס-אונטערהאַלטונג. ווי נאָר דו הויבסט זיך אָן צו פארגעסן, ווי נאָר דו ווערסט פארטיפט אין דער פרייד פון אַנדערע ארום זיך, דערשיינט ווידער דער אונערמידליכער שיקזאַל און מאַטערט דיך. אָבער די אַנדערע שטערבלאַכע שיינקען דיר ווייניג אויפמערקזאַמקייט. זיי באַמערקן דיך גאָרניט און זעען ניט דאָס דו פילסט זיך אומעדיג. אָ, ווי זיי אַמוזירן זיך! ווי גליקליך זיי זיינען! און איר דיינקט נאָך דאָס אַלץ אויף דער וועלט איז פינסטער און טרויעריג? נאָך אַלעמען איז דאָך דאָ פרייד, איינפאַכע, פּרימיטיווע פרייד. נעמט אַנטייל אין די פריידן פון אַנדערע און איר וועט דאָך קענען לעבן".

# סימפאָני נומער 6 (פּאַטעטיק)

## Symphony No. 6 (Pathetic)

די זעקסטע סימפאָני, וועלכע טראָגט דעם נאָמען „פּאַטע־טיק“, איז, נאָך דער מיינונג פון מוזיק־קריטיקער, דער טרויעריג־סטער קאַפּיטל מוזיק וואָס איז ווען פאַרפאַסט געוואָרן. די מוזיק שפּיגלט אָפּ ניט נאָר די קריינקלאַכע מעלאַנכאָלישע שטימונגען פון קאָמפּאָזיטאָר אליין, נאָר אויך די לײדן פון גאַנצן רוסישן פאָלק אין זיין צייט. נאָר דעם ווי מען הערט עס שפּילן, קען מען באַגרייפן דעם קאָמפּאָזיטאָר׳ס באמערקונג, וועלכע ער האָט געמאַכט וועגן דעם ווערק אין אַ געשפּרעך מיט אַ פריינט: „אין פאַרלויף פון מיין וואַנדערונג האָב איך אָפּט ביטער געוויינט, ווען איך האָב די סימפאָני פאַרפאַסט אין מיין גערדאַנק“.

דער פאָלגנדער אַנאַליז פון מר. פּאָול דאָנאַלד קען דינען אַלס גוטע קאָמענטאַריע איבער דעם כאַראַקטער פון דער מוזיק:

„אין דער ערשטער אָבטיילונג געפינען מיר אַן אויסדרוק פון דער פאַרצווייפלונג פון עלטער און שרעק פאַר׳ן טויט, דאַן שווימען אַרויס זכרונות פון די פריהעריגע יאָרן מיט די איבער־לעבונגען און טרוימען פון ליבע.

די צווייטע אָבטיילונג קען האָבן פאַר זיך אַלס מאָטאָ די פאָלגנדע ווערטער פון דריטן קאַלענדאַר אין די אַראַבישע מעשיות: „און מיר האָבן זיך אַנידערגעזעצט טרינקען; אַנדערע פון אונז האָבן לידער געזונגען און אַנדערע האָבן אויף פאַרשיי־דענע אינסטרומענטן געשפּילט. איך האָב פאַרגעסן אַלע דאגות פון דער וועלט און געטראַכט אַז דאָס איז די בעסטע זאַך אין לעבן. אַ שאָד וואָס עס גייט פאַרביי“. אין דער טריאָ קלאַפּט דער מלאך המות אויף׳ן פּויק. דער מענש טראַכט זיך אַז ער וועט פּרובירן זינגען, טאַנצן און זיך פאַרגעסן. זיין פריילאַכקייט איז אָבער אַ געמאַכטע און אָנגעשטו׳יינגטע. אין דעם דרינג־ליכן פּויקן־קלאַפּ הילכט אַ יאָמער און אַ בייזער פּראָטעסט. ווידער מאַכט ער אַ פאַרזוך צו זיין פריילאַך, אָבער דער פּויק קלאַפּט ווידער און רופט אַרויס פאַרצווייפלונג.

די דריטע אָבטיילונג איז אַן אַנטשולדיגונג פאַר דער לעצטער

קלאָג־ליד. דער מענש טריאומפירט. ער ווייס אַלץ און שאַצט אָפּ וואָס עס מיינט ערדישע באַרימטקייט. דער ליאַרעם פון די טרומפּייטן און די אויסגעשרייען פון אַנטציקטן עולם מעגן פאַר־טויבן די ציין־קריצעריי פון קנאה, אָבער דער טויט שטשירעט צופרידן מיט די ציין, ווייל ער ווייס די פּוסטקייט און וואולגאַ־ריטעט פון דעם וואָס די וועלט רופט ערפאָלג.

די לעצטע אָבטיילונג איז אַ שווידערלאַכער יאָמער־געשריי פון ליידן און יאוש. ניט אומזיסט איז עס פון אַנדערע באַצייכנט געוואָרן מיט דעם נאָמען „זעלבסטמאָרד מוזיק". אויב דער קאָמ־פּאָזיטאָר האָט געהאַט אין געדאַנק וועלכע עס איז באַשטימטע פּראָגראַם פאַר דער סימפאָני, איז די לעצטע אָבטיילונג געוויס געוועזן אַ טרויער־ליד נאָך אַ פאַרוואונדעטן מלחמה־העלד. די עפענונג טעמע שאַפט די אַטמאָספערע פון אַ פינסטערן האָפנונגס־לאָזן טרויער. נאָכדעם הערט מען ווי דער העלד גיט זיך לאַנגזאַם איבער צו זיין גורל. ער מאַכט נאָך אַ שוואַכן פאַרזוך צו רעבע־לירן געגען דער אידייע פון טויט, אָבער עס איז איבער זיינע כחות און ער פאַלט אַריין אין שטומער רעזיגנאַציע. אַ שוואַכע דעראינערונג פון פריערדיגן גליק און פון די טעג פון האָפנונג און זונשיין שווימט אַרוים אין דער ווידערהאָלונג פון דער ליד, וואָס ווערט געשפּילט אין דער ערשטער אָפּטיילונג, אָבער עס שטאַרבט שנעל אָפּ. די טראַמבאָנס אַנאָנסירן די ענדע פון דעם העלד׳ס ערדישן לעבן.

## סימפאָני נאָך בייראָנ׳ס „מאַנפרעד"

Symphony "Manfred"

פאָלגענדע דערקלערונג, געדרוקט איבער דער מוזיק, גיט אי־בער געננוי דעם אינהאַלט פון דער דאָזיגער סימפאָני.

1. מאַנפרעד וואַנדערט אַרום איבער די אַלפּן, געמאַטערט פון דעם פאַטאַלן צווייפל. זיין נשמה איז צוואווייטאָגט פון חרטה און יאוש. ניט דער שטודיום פון כישוף, דורך וועלכן ער האָט אַרויסגערופן מיסטעריעזע דערשיינונגען און אונטערוואָרפן צו זיין מאַכט די פינסטערע רוחות פון גיהנום און ניט עפּעס אַנ־

דערש אין דער וועלט קען אים ברייגען רו און פארגעסונג. די דעראינערונג וועגן דער שיינער אסטארטע, וועלכע ער האָט גע־ליבט און פארלאָרן, נאָגט זיין האַרץ און טרייבט אים צו פאר־צווייפלונג.

2. די מכשפה פון די אלפּן דערשיינט פאַר אים אונטער א רעגנבויגן פון דעם וואסערפאל.

3. דאָס איינפאכע, פרייע און פרידליכע לעבן פון די בערג־איינוואוינער.

4. מאנפרעד געפינט זיך פּלוצלונג אין מיטן פון אַן אָרגיע אין דעם אונטערערדישן פּאַלאַץ פון ארימאנעס. דער גייסט פון אסטארטע דערשיינט פאַר אים און זאָגט אָן די בשורה, אז עס איז געקומען דער סוף פון זיינע ערדישע ליידן. מאָנפרעד שטאַרבט.

די ערשטע אָפּטיילונג עפנט זיך מיט א טעמע, וועלכע דריקט אוים מאנפרעד׳ס נשמה־ליידן. די אומעדיגע פראזע וואָס פאָלגט נאָך דעם שטעלט פאַר זיין אפילו נאָך פארגעסונג. דאַן קומען געבראָכענע פיגורן און צויבער־עפעקטן, וואָס שילדערן זיין כישוף פּראַקטיק. די לעצטע זיינען דורכגעוועבט מיט דעם ליבעם מאָ־טיוו, דערמאָנענדיג די פארלאָרענע אסטארטע.

די צווייטע אָפּטיילונג שטעלט פאָר ווי מאנפרעד רופט ארוים דעם גייסט פון די אַלפּן. די מוזיק מאָלט דײַטליך דעם שטראָם פון וואסערפאל און די דערשיינונג פון גייסט אין א רעגנבויגן, זינגענדיג די צויבער־ליד.

די דריטע אָפּטיילונג איז פול מיט אידילישער שיינקייט פון נאַטור לעבן, אָבער אין מיטן פון די רוהיגע האַרמאָנישע קלאַנגען הערט זיך ווידער דער טרויעריגער מאָטיוו פון זיין בייגקעניש נאָך פארגעסונג.

די עפענונג־טעמע פון דער לעצטער אָפּטיילונג גיט אַן אָנ־דייטונג אויף מאנפרעד׳ס כישוף־טרייבעריי. די ווילדע טרילס און גרילצנדע טענער וואָס קומען נאָך דעם, באצייכענען דעם אָנהויב פון דער גייסטער אָרגיע, אין וועלכער מאנפרעד באטייליגט זיך. נאָך דעם פאָלגן איינע נאָך די אַנדערע די מאָטיוון פון צויבער, יאוש און אסטארטע און זיי ענדיגן זיך מיט א מעכטיגן קלימאקס. וועלכער אַנאָנסירט מאנפרעד׳ס טויט.

# סוט „נוס קנאַקער"

## Suite "Casse Noisette"

די מוזיק פון דעם דאָזיגן סוט איז געשאַפן געוואָרן צו אַקאָמפּאַנירן אַ באַלעט וואָס איז באַזירט אויף האָפמאַנ'ס מעשה'לע „דער נוס־קנאַקער און דער מויז קעניג".

די ערשטע סצענע שטעלט פאָר ווי ארום אַ קריסטמאַס בוים זיינען פאַרזאַמלט פריילאַכע קינדערלאַך. די ליכטלאַך, וואָס פינקלען פון די צווייגן באַלייכטן די סצענע ווי יעדער איינער פון די קינדער קריגט מתנות. די קליינע מאַריע קריגט אַ נוס קנאַקער. די אינגלאַך כאַפּן עס ארוים פון אירע הענט און עס ווערט צובראָכן. מאַריע הויבט אָן שטאַרק צו וויינען, רעדט צו דעם צובראָכענעם נוס קנאַקער, זוכט אים צו טרייסטן און איידער זי גייט שלאָפן וויגט זי אים איין אונטערן קריסטמאַס בוים.

אין מיטן נאַכט כאַפּט זי זיך אויף, דערמאָנט זיך אָן דעם צובראָכענעם נוס קנאַקער און גייט שטיל אריין אין פינסטערן צימער. וואָס פאַר אַ מאָדנע בילד זי זעט! מחנות מייז קומען ארוים פון אַלע זייטן און עס פּאַסירט אַ וואונדערבאַרע זאַך. די קריסטמאַס־קיכלאַך, די שפּילצייג און איר נוס קנאַקער ווערן לעבעדיג און עס הויבט זיך אָן אַ גרויסע מלחמה צווישן זיי און די מייז. דער נוס קנאַקער נעמט איבער די פירערשאַפט און שטייערט זיך מיט דעם קעניג פון די מייז. ווען דער נוס קנאַקער איז כמעט באַזיגט, וואַרפט מאַריע איר שוך אויף דעם קעניג פון די מייז. ער פאַלט טויט און די מייז צולויפן זיך. דער נוס קנאַקער פאַרוואַנדלט זיך אין אַ שיינעם פּרינץ, וועלכער דאַנקט זיין רעטערין און לאַדט זי איין צו גיין מיט אים אין זיין צויבער־פּלאַץ. זיי גייען ביידע אוועק און קומען צו אַ הויכן באַרג וואו עס געפינט זיך די צויבער מלוכה פון שפּילצייג און נאַשווארג. די צוקער פלוים איז די קעניגין און זי מיט איר גאַנצער סוויטע באַגריסן מאַריען און דעם פּרינץ נוס קנאַקער.

אין דער צווייטער סצענע פירן די זיסע זאַכן און שפּילצייג דורך אַ באַלעט פאַר די געסט פון דער אמת'ער וועלט, וועלכער באַשטייט פון פאַרשידענע כאַראַקטעריסטישע טענץ, ווי דער

כינעזישער טאַנץ, דער אַראַבישער טאַנץ, דער רוסישער טאַנץ און אַנדערע. צום שלום פאַראייניגן זיך אַלע צוזאַמען אין דעם בלומען־טאַנץ.

## אָרקעסטרעלע פאַנטאַזיע „פראַנצעסקאַ דאַ רימיני"

Orchestral Fantasia "Francesca da Rimini"

די דאָזיגע אָרקעסטרעלע פאַנטאַזיע איז באַזירט אויף דעם פאָלגנדן אויסצוג פון דאַנטע'ס „גיהנום", וועלכער איז געדרוקט איבער דער מוזיק:

„אַריינקומענדיג אין צווייטן קרייז פון גיהנום, באַטראַכט דאַנטע ווי עס ווערן באַשטראָפט די זינדיגע נשמות. די בעלי תאוה'ניקעס ווערן אָן אַן אויפהער געשטויסן הין און צוריק פון די שרעקליכע ווינטן. צווישן די אומגליקליכע וואָס געפינען זיך אין יענער אָפּטיילונג דערקענט ער פראַנצעסקאַ דאַ רימיני, וועלכע גיט אים איבער איר געשיכטע: — ... עס איז ניטאָ קיין גרעסערער שמערץ ווי זיך צו דערמאָנען אָן די טעג פון פרייד אין דער צייט ווען מען איז אומגליקליך. אויב אָבער דו ווילסט לערנען וועגן אונזער ליבע פון דעם ערשטן קוואַל, וועל איך טאָן ווי איינער וואָס וויינט און דערציילט. אַ געוויסן טאָג האָבן מיר, צוליב צייט־פאַרטרייב געלייענט ווי לאַנקעלאָט איז געווען צוריקגעהאַלטן אין ליבע. מיר זיינען געווען אַליין און האָבן קיין זאַך ניט חושד געווען. לעזנדיג עטלאַכע מאָל די דאָזיגע שטעלע, האָבן זיך אונזערע אויגן פלוצלונג באַגעגנט און עס האָבן זיך געביטן די קאָלירן פון אונזער פנים. נאָר איין מאָמענט איז עס געווען וועלכער האָט אונז ביינגעקומען. ווען מיר האָבן געלעזן ווי זי איז געקושט געוואָרן פון איר געליבטן, האָט ער, וועלכער וועט זיך קיינמאָל פון מיר ניט שיידן, מיך געקושט אין מויל, ציטערנדיג מיט'ן גאַנצן קערפער. יענעם טאָג האָבן מיר מער ניט געלעזן...

אין דער צייט ווען איין גייסט האָט אַזוי דערציילט, האָט דער צווייטער אַזוי שטאַרק געוויינט, דאָס איך האָב געפילט, אַז איך חלש פון מיטלייד און איך בין אַנידערגעפאַלן ווי אַ טויטער".

די מוזיק עפנט זיך מיט א באשרייבונג פון די שרעקליכע ווינטן און די פארשידענע רוחות, וואָס באגעגענען דאנטע'ן און ווירגיל'ן, ווען זיי טרעטן אריין אין דעם צווייטן קרייז פון גיהנום. דאָס ווערט נאָכגעפאָלגט פון א טעמע, וואָס אנאָנסירט די באגע־געניש מיט פראנצעסקאָ און פאאָלאָ. א קורצער רעטשיטאטיוו פירט צו דער צווייטער אָפטיילונג פון דער פאנטאזיע. א מעלאָ־דיע, געשפילט פון דעם ענגלישן האָרן און דער הארפע, אילוסט־רירט די געשיכטע ווי פראנצעסקאָ און פאאָלאָ טרעפן זיך אין זייער ליבע. דאָס ווערט אונטערבראָכן פון דער ווידער־דערשיי־נונג פון די גייסטער און די געליבטע פארשווינדן אין דעם שרעק־ליכן שטורם וואָס ברעכט אויס אויף דאָס ניי, אָבער איבער דעם הערט זיך די ליבעס־מעלאָדי פון פראנצעסקאָ.

## סימפאָנישע פאַנטאַזיע „האמלעט"

Symphonic Fantasia "Hamlet"

די „האמלעט"־פאנטאזיע עפנט זיך מיט א לאנגן ארייַנפיר וואָס מאָלט די ערגערניש פון דעם פרינץ איבער דעם קעניג'ס טויט. נאָכדעם קומען 12 לייכטע קלעפּ, וואָס שטעלן פאָר די מיטן־נאכט־שטונדע און עס הויבט זיך אָן די גייסטער־טעמע.

די אַלעגראָ הויבט זיך אָן מיט א טעמע, וואָס דריקט אויס האמלעט'ס אומענטשלאָסנקייט און זי ווערט נאָכגעפאָלגט פון א צווייטער, וואָס באצייכנט די גראציע און פאטאָס פון אָפעליאַ. נאָך דעם קומט א מארש ריטם און א קורצע ווידערהאָלונג פון דער ערשטער טעמע.

אין דער דריטער אָפטיילונג ווערט דער טעמאטישער מאטע־ריאל ענטוויקלט. די קאָדא איז געבויט אויף דער צווייטער טעמע און דעם מארש.

## סימפאָנישע פאַנטאַזיע „דער שטורעם"

Symphonic Fantasia "The Tempest"

די מוזיק צו דער דאָזיגער פאנטאזיע, נאָך שעקספּיר'ס ווערק, איז געווידמעט דעם קאָמפּאָזיטאָר'ס פריינט מ. סטאסאָוו, און דער

לעצטער גיט פאָלגנדן פּראָגראַם, וועלכער דערקלערט גענוי דעם אינהאַלט:

„דער ים. אריעל, דער גייסט פון דער לופט, פאָלגנדיג דעם מכשף פּראָספּעראָ, הויבט אויף א שטורעם. אונטערגאַנג פון דער שיף וואָס ברייגנגט פערדינאַנד. דער באַצויבערטער אינזל. די ערשטע שעמעדיגע דערוואַכונג פון ליבע צווישן פערדינאַנד און מיראַנדא. אריעל. דער מאָנטסר קאליבאַן. די פארליבטע פּאָרל גיט זיך איבער צו דעם כישוף פון ליבע און ליידנשאַפט. פּראָספּעראָ מאַכט חוזק פון זיין אייגענער כישוף־מאַכט און פאַרלאָזט דעם אינזל. דער ים.

## אָרקעסטרעלע באַלאַדע „דער וואָיעוואָדע"

Orchestral Ballad “The Voyevode”

די דאָזיגע באַלאַדע נעמט איר השפּעה פון א פּאָעמע מיט דעמזעלבן נאָמען פון דעם פּוילישן פּאָעט אדאַם מיצקעוויטש. דער אינהאַלט פון דער פּאָעמע איז ווי פאָלגט:

דער וואָיעוואָדע (א רוסישער מיליטערישער קאָמאַנדיר) קומט שפּעט ביינאַכט צוריק פון דער מלחמה און געפינט דעם שלאָף־צימער פון זיין יונגער פרוי ליידיג. ער כאַפּט זיין ביקס און לויפט ארויס אין דער באַגלייטונג פון זיין דינער אין גאָרטן. דאָרטן זעט ער דורך די קוסטעס ווי זיין פרוי זיצט מיט א יונגן מאַן לעבן דעם פאָנטאַן און ער הערט ווי דער יונגער מאַן זאָגט צו איר:

„און אזוי איז מיר גאָרניט פאַרבליבן פון אמאָליגע פריידן! דעם אָנבליק פון דיינע ליכטיגע אויגן, דעם דרוק פון דיינע צאַרטע הענד, דאָס האָט דער וואָיעוואָדא געקויפט, וויפיל יאָר האָב איך געזיפצט נאָך דיר, וויפיל יאָר האָט מיין האַרץ געשטרעבט צו דיר און דו האָסט מיך צוריקגעשטויסן! דער וואָיעוואָדע האָט דיך ניט געזוכט, ער האָט נאָך דיר ניט געביינקט, ער האָט נאָר א קלונג געטאָן מיט זיינע געלט און דו האָסט זיך אים איבערגעגעבן! איך בין געקומען אין דער פינסטערער נאַכט צו זען די ליכטיגע אויגן פון מיין הייס געליבטער, צו דריקן אירע ווייכע הענט, איר

ווינשן פיל גליקליכע יאָרן, פיל פרייד און דאַן זי פאַרלאָזן אויף אייביג״.

די יונגע פרוי ווײנט און קלאָגט און דער יונגער מאַן נעמט אַרום אירע קני. דער וואָיעוואָדע באַפעלט זיין דינער, דאָס ער זאָל שיסן די פאַלשע פרוי. דער דינער ציטערט און זיינע אויגן ווערן אָנגעפילט מיט טרערן. עס הערט זיך אַ שאָס און דער וואָ־יעוואָדע לאָזט אַרויס אַ שרעקליכן געשריי. די קויל האָט ניט געטראָפן אין ריכטיגן ציל. זי האָט דורכגעלעכערט דעם וואָיע־וואָדע׳ס שטערן...

די מוזיק פאָלגט נאָך די הויפּט־סצענעס פון דער פּאָעמע.

## „מאַרש סלאַוו״

“March Slav”

דער דאָזיגער מאַרש איז פאַרפאַסט געוואָרן אין דער צייט ווען עס איז פאָרגעקומען די מלחמה צווישן טערקיי און סערביען. אין רוסלאַנד זיינען דאַן אויסגעבראָכן דעמאָנסטראַציעס פון סלאַ־ווישן פּאַטריאָטיזם. און ניקאָלאַי רובינשטיין האָט אַראַנזשירט אַ גרויסן קאָנצערט פאַר דעם פאָנד צו העלפן די פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן. טשייקאָווסקי האָט ביי דער געלעגנהייט אָנגעשריבן די קאָמפּאָזיציע.

דער מאַרש עפנט זיך מיט שטאַרקע קלעפּ פון באַראַבאַנען, וואָס שטעלן פאָר אַ רוף צו מלחמה. דאַן הערן זיך אין די בעסער נידעריגע מעלאַנכאָלישע טענער פון אַ סערבישער פאָלקס ליד. עס איז די שטימע פון אַ סלאַוו וואָס זינגט אַן עלעגיע אויף זיין אייגענעם פאָלק. דאָס ווערט נאָכגעפאָלגט פון דעם אַלט־רוסישן נאַציאָנאַלן הימן וועלכער אַנטוויקלט זיך אין אַן אויסדרוקספולן סלאַווישן מאַרש.

מיט אַ קלאַפּ פון פּויקן ענדערט דער קאָמפּאָזיטאָר דעם שליסל און מאַכט שנעלער דעם טעמפּאָ. די אַטמאָספערע בייט זיך און די צווייטע העלפט פון דעם מאַרש עפנט זיך מיט אַ פריילאַכן טאַנץ מאָטיוו. די ליידנדע הייבן אָן צו פייערן זייער באַפרייאונג, דאָס פאָלק טריאומפירט און עס הערן זיך ווידער די קלאַנגען פון דעם

רוסישן נאַציאָנאַלן הימן, אָבער רוסלאַנד האָט נאָך ניט דערגרייכט דעם פינאַל און דער מאַרש ענדיגט זיך מיט א פאַרשטיקטן זיפץ.

## אָווערטור 1812

Overture 1812

אין דער דאָזיגער אָווערטור האָט דער קאָמפּאָזיטאָר געזוכט צו מאָלן די שטורעמדיגע פּאַסירונגען אין רוסלאַנד אין דער צייט פון נאַפּאָלעאָנ׳ס קאַמפּאַניע אין 1812. נאָך דעם זיג פון באָראָדינא ווען נאַפּאָלעאָנ׳ס ארמיי האָט אַריינמאַרשירט אין מאָסקווע, האָבן די פּאַטריאָטישע רוסן אונטערגעצונדן די שטאָט און געצוואונגען די פראַנצויזן זיך צוריקציהען. צו פאַראייביגן דעם אָנדענקען פון דער גרויסער פּאַסירונג, איז אין מאָסקווע אויפגעבויט געוואָרן א שיינע קירכע און ביי דער געלעגנהייט פון איר חנוכת הבית האָט טשייקאָווסקי אָנגעשריבן די אָווערטור.

די עפענונג פון דער אָווערטור הויבט זיך אָן מיט דעם אַלטן רוסישן הימן „גאָט באַשיץ דיין פאָלק". נאָך אַן ענטוויקלונג פון געוויסע טיילן, גייט דער הימן איבער צו א טעמע, וועלכע שטעלט פאָר די מלחמה אין באָראָדינאָ. דער רוסישער נאַציאָנאַלער הימן מישט זיך דאַן צוזאַמען מיט דער פראַנצויזישער מאַרסעליעזע צווישן דונערן פון דער אַרטילעריע. ווען דער טומל פון דער מלחמה גרייכט דעם קלימאַקס, הערט מען איבער דעם ווידער דעם רוסישן הימן אַלס אויסדרוק פון נצחון.

א קאָדא מיט דעם הימן אין די בעסער און מיט קלאַנגען וואס מאַכן נאָך די גלאָקן קלאַנגען פון קרעמעל אין א רוסישן יום טוב פון דער אַלטער צייט, שליסט די אָווערטור.



## ריכאַרד וואַגנער

וועלט־באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 22טן מאַי, 1813, אין ליופּציג; געשטאָרבן דעם 13טן פעברואר, 1883. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראס „ריענזי", „דער פליהענדער האָלענדער", „טאַנהויזער", „לאָהענגרין", „דער מייסטערזינגער", „טריסטאַן און איזאָלדע", „דאָס רהיינגאָלד", „די וואַלקירן", „זיגפריד", „געטערדאמערונג", „פּאַרסיפאַל", 3 מאַרשן, „זיגפריד אידיליע", „וואלדוועבן" און „די פאַוסט אָווערטור".

## אָווערטור צו „דער פליענדער האָלענדער"

### Overture to "Flying Dutchman"

דער געדאַנק פון דער ראָמאַנטישער אָפּערא „דער פליענדער האָלענדער" איז געקומען צו וואַגנער'ן אין דער צייט פון א שרעקליכן שטורם, וואָס ער האָט איבערגעלעבט אויף זיין רייזע פון ריגע נאָך פּאַריז, און די אָווערטור שפּיגלט אָפּ זיינע געפילן אין יענע מאָמענטן.

דער אינהאַלט פון דער אָפּערא איז אין קורצן, ווי פאָלגט:

„די שיף פון דעם פליהענדען האָלענדער טראָגט זיך, געטריבן פון שטורעם, צו דעם לאַנד, וואו זיין מייסטער האָט אים פאַר־

שפּראַכן צו געפינען דערלייזונג. מיד און ביינקענדיג נאָכ׳ן טויט, באַטרעט ער דעם ברעג און רופט מיט אַ צואוּווייטאָגטער נשמה נאָך באַפרייאונג. אין דער שרעקלאַכער איינזאַמקייט פון זיין עקזיסטענץ קען נאָר אַ פרוי אים ברענגען דערלייכטערונג. פּלוצלינג באַווייזט זיך אַ געדיכטע פינסטערניש און אַ שטראַל פון ליכט דרינגט דורך ווי אַ בליץ זיין צובראָכענע נשמה. אַ פרויען בליק, פול מיט דער־האַבענעם רחמנות און געטליכער סימפּאַטיע, ציט אים צו זיך מיט אַן אונגעהייערער קראַפט, אַ האַרץ האָט זיך געעפנט פאַר די שרעקליכע ליידן פון דעם פאַרשאָלטענעם מאַן. זעענדיג די געט־ליכע דערשיינונג, ברעכט דער אונגליקליכער צוזאַמען, אָבער ער שווימט אַרויס פון די כוואַליעס אַ געזונטער און אַ געהייליגטער און ווערט געפירט פון דער, וועלכע האָט אים געראַטעוועט.

די אָווערטור כאַראַקטעריזירט די פּערזאָנען און סיטואַציעס פון דער אָפּערא. עס עפנט זיך מיט דעם „פלוך" מאָטיוו, מאָלענדיג די באַוועגונג פון די כוואַליעס און דעם אָנקומענדן שטורעם, דורך וועלכן עס הערן זיך אָנדייטונגען פון דער קללה און דער סיגנאַל פון אונגליק. ווען דער שטורעם הערט אויף ווערט אָנאָנסירט דער צווייטער מאָטיוו, „דער שליח פון מלאך פון רחמנות", פּערזאָני־פיצירנדיג סענטאַ. נאָך אַן איינדרוקספולער פיגור הערט זיך ווידער דער פלוך מאָטיוו, נאָכגעפאָלגט פונ׳ם פליענדן האָלענדער מאָטיוו. דער שטורם ברעכט ווידער אויס. אין מיטן הערט זי אַ פריילאַכע מאַטראָסן־ליד אויף אַ פאַרבייפאָרענער שיפל. דער שטורם ווערט פאָרטגעזעצט. ענדליך קומט פאַר די קראַך־סצענע און די אָווערטור איז געענדיגט.

## אָווערטור צו „טאַנהייזער"

### Overture to "Tanhauser"

אין זיין פּראָגראַמאַטישער באַלייכטונג פון דער אָווערטור, גיט דער קאָמפּאָזיטאָר איבער דעם אינהאַלט, וועלכער איז אין קורצן ווי פאָלגט:

אין אָנהויב הערן מיר דאָס געזאַנג פון די פּילגרימס, ווי עס דערטראָגט זיך צו אונז פון וויטן, ווערט ביסלעכווייז שטאַרקער

און שטאַרקער און הערט לאַנוזאַם אויף. עס ווערט פינסטער, צויבער־פונקען און קלאַנגען גנב'ענען זיך אריין אין אונזער נשמה. דאָס זיינען די פאַרפירערישע צויבער־שפּרוכן פון די ווענוס בערג, וועלכע מאַניפעסטירן זיך אין די נאכט שטונדען צו יענע אין וועמעס ברוסט עס ברענט דער פייער פון תאוה. צוגעצויגן פון דער פאַרפירערישער דערשיינונג, באווייזט זיך א הויכע קרעפטיגע פיגור. דאָס איז טאַנהייזער. ער הויבט אָן צו זינגען א באַגייס־טערטע ליבעס־ליד. ווילדע אויסרופן פון פרייר ענטפערן אויף זיין רוף און ער דערזעט פאר זיך א ליבע פרויען פיגור. ער הערט א זיסע טרילנדע שטימע, וואָס רופט צו זיך און זאָגט צו צו דעם וואָס וועט וואַגן, די באַפרידיגונג פון זיינע ווילדעסטע פארלאַנגען. דאָס איז ווענוס אַליין דערשינען צו אים. א נאָגנדע אַלץ פאַר־צערנדע ביינקעניש פלאַמט אויף זיין בלוט אין די אָדערן און ער הויבט אָן צו זינגען זיין ליבעס ליד אין דעם העכסטן עקסטאַז, לויבנדיג די געטין. ווי דורך א צויבער־וואָרט עפענען זיך פאר אים די וואונדער פון די ווענוס בערג אין זייער גאַנצער פּראכט. ווילדע, טומלדיגע יובל־געשרייען הערן זיך פון אַלע זייטן. די וואַקכאַנטעס קומען רווישיג ארויס; זיי שלעפּן טאַנהייזער מיט זיך, טאַנצנדיג ארום אים און פירן אים אין די אַרעמס פון ווענוס, וועלכע דריקט אים צו צו איר ברוסט און טראָגט אים אוועק אין דער קעניגרייך פון אייביקייט. א שטורעם שוועבט דורך און ווען ער פארשווינדט, הילכט אָפּ אין דער לופט א ליידנשאַפטליכער זיפץ; א מיסטישע שושקעריי, ווי דער אָטעם פון ניט געבענשטער תאוה'דיגער ליבע, פלאַטערט איבער דעם פּלאַץ, וועלכן די נאכט באַדעקט ווידער מיט אירע פליגלען. עס הויבט שוין אָן צו טאָגן און פון דער ווייטנס הערט זיך ווידער דאָס פּילגרים ליד. ווען עס דערנעענטערט זיך ווערט די לופט אָנגעפילט מיט א פריידיגן גערויש. אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער הערט זיך דער גערויש ביז עס קומט ארויס די זון און דאָס געזאַנג פון די פילגרימס פּראָקלאַמירט דערלייזונג צו דער גאַנצער וועלט און צו אַלץ וואָס לעבט. די פריידיגע לופט שטראָמען ברעכן אויס אין א דערהאַבענעם עקסטאַז — דאָס זיינען די יובל־געשרייען פון די ווענוס בערג אַליין, וועלכע האָבן זיך באַפרייט פון דער קללה פון טומאה. אזוי באַוועגן זיך און שפּרינגען אַלע לעבנס־

פולסן צו דעם געזאנג פון דערלייזונג און די צוויי אָבגעטיילטע עלעמענטן — גייסט און געדאנק, גאָט און נאטור — נעמען זיך ארום אין דעם הייליגן פאראייניגנדן קוש פון ליבע.

## פאָרשפּיל צו „לאָהענגרין"

## Prelude to "Lohengrin"

דער פאָרשפּיל צו לאָהענגרין באַציט זיך אויף דעם גלויבן אין דעם הייליגן גרייל (די מיסטעריעזע כלי אין וועלכער עס האָט זיך כלומרשט אויפגעהאַלטן דאָס בלוט פון געקרייציגטן יעזוס), וועלכער איז ארונטערגעבראַכט געוואָרן פון מלאכים אויף דעם בארג פון די הייליגע ריטער.

די געשיכטע ווערט איבערגעגעבן ווי פאָלגט:

„אונטער דעם ענטציקטן בליק פון דעם וואָס בייענקט נאָך דער אַלערהעכסטער ליבע, דוכט זיך, אַז די העל־בלויע לופט פון הימל האָט זיך צוזאמענגעפּרעסט אין אַ וואונדערליכער דערשיינונג. אַ מחנה מלאכים שטייגט אַרונטער מיט דער כלי אין מיטן. ווען די דערשיינונג לאָזט זיך ארונטער אַלץ נידעריגער און נידעריגער צו דער ערד, דערטראָגן זיך פון איר זיסע באַרוישנדע פּערפיומען־ריחות. די ענטציקנדע פאָרם וואָס שוועבט אַרונטער נעמט אַרום דעם צוקוקער'ס חושים און פילט אָן דאָס ציטערנדע האַרץ מיט יואונדערבאַרע רעליגיעזע געפילן.

ווען די געטליכע כלי אנטפּלעקט זיך ענדליך צו דעם, וואָס איז ווערט זי אָנצוקוקן, ווערן זיינע חושים אָפּגעשוואַכט און ער פאַרזינקט אין געטליכער זעלבסט־פאַרניכטונג. אָבער די גרייל גיסט אויף אים אוים איר ברכה און הייליגט אים אַלס איר ריטער. מיט צניעות'דיגער פרייד קוקן די מלאכים שמייכלענדיג ארונטער און שוועבן צוריק ארויף אין דער הויך. דעם פאָנטאַן פון ליבע, וועלכער איז אויסגעטריקנט געוואָרן אויף דער ערד, האָבן זיי צוריק געבראַכט צו דער וועלט. זיי האָבן איבערגעלאָזן דעם גרייל צו די ריינע מענשן, אין וועמעס הערצער זיי האָבן אריינ־געגאָסן זיין אינהאַלט אַלס אַ ברכה. די נאָבעלע מחנה פאַר־שווינדט אין דער הערליכסטער ליכט פון דעם הימל'ס לופט, פון וואַנען זי איז ארויסגעקומען".

# פאָרשפּיל צו „טריסטאַן און איזאָלדע"

## Prelude to "Tristan and Isolde"

דער גאַנצער פאָרשפּיל איז צוזאַמענגעוועבט פון די טעמעס פון דער אָפּערא „טריסטאַן און איזאָלדע". וואַגנער'ס אייגענע באַשרייבונג פון דעם פאָרשפּיל איז ווי פאָלגט:

א פּרימיטיווע ליבעס פּאָעמע גיט אונז איבער די געשיכטע פון טריסטאַן און איזאָלדע. דער איבערגעבענער דינער טריסטאַן בעט פאַר זיין הער די האַנד פון איזאָלדע, צו וועלכער ער וואַגט ניט צו דערקלערען זיין אייגענע ליבע. זייענדיג מאַכטלאָז זיך צו ווערן, פאָלגט אים איזאָלדע נאָך אַלס כלה פון זיין הער. די געטין פון ליבע, וועלכע איז בייז וואָס מען מישט זיך אין אירע געשעפטען, באַשטימט צו נעמען נקמה, אָבער דורך א גליקליכן טעות וואָס זי מאַכט, דערלויבט זי דער פּאָרל צו פאַרזוכן פון דעם ליבעס געטראַנק, וועלכער עפנט זייערע אויגן צו דעם אמת און פירט צו דעם, דאָס זיי שווערן זיך אייביגע ליבע. זינט דאַן הויבט זיך אָן א ביינקעניש פון איינע צו די אנדערע, און פילט זיי אָן מיט ליידן פון ליבע. בייגקעניש, בייגקעניש, אונענדלאַכע בייגקעניש. טויט איז דער איינציגער מיטל צו זייער באַפרייאונג.

גלייך אין אָנהויב פון דעם פאָרשפּיל קומט דער „ליבעס וידוי". דאַן פאָלגט דער מאָטיוו „פאַרלאַנג", וועלכער גיט אונז דעם איינדרוק פון א טרויעריגן און שמערצליכן פראַגע־צייכן, פיר מאָל ווידערהאָלט. נאָך דעם קומט א נייע טעמע, וואָס דריקט אויס דעם געדאַנק, אַז די ליידנשאַפט פון טריסטאַן און איזאָלדע נעמט זיך פון דעם בליק, מיט וועלכן זייערע אויגן האָבן זיך באַ־געגנט. נאָך דעם ווי די טעמע ענטוויקלט זיך, הערן מיר צוויי אויסדרוקספולע פראַזן, וואָס כאַראַקטעריזירן די „געטראַנקען פון ליבע און פון טויט". דער ערשטער איז פול מיט פּאָעזי און ליידנשאַפט, און דער צווייטער פאָרמירט א טרויעריגן קאָנטראַסט. דאַן קומט דער מאָטיוו „די צויבער קעסטל" און צום שלוס פאָלגט נאָך א קרעסענדאָ די טעמע „באַפרייאונג דורך טויט", וועלכע ענדיגט זיך מיט נייע קאָמבינאַציעס פון דעם פריערדיגן מאָטיוו.

## פאָרשפּיל צו „די מייסטערזינגער"

### Prelude to "Die Meistersinger"

ווי עס ווערט אָנגעגעבן האָט דער קאָמפּאָזיטאָר אָנגעשריבן „די מייסטערזינגער" אַלס אַ סאַטירע אויף זיינע קריטיקער, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז ער איז ניט פייאיג צו פארפאסן אַ מעלאָדיע.

אין דעם פאָרשפּיל ווערן ארויסגעבראַכט די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון די פּערזאָנען, וועלכע נעמען אנטייל אין דער קאָמעדיע. די געשיכטע באַציט זיך אויף דער ליבע צווישן אַ נאָבעלען יונגן ריטער, וואלטער, און איוואַ, די טאָכטער פון אַ רייכן גאָלדשמיד, זיין אָנשליסן זיך אין דעם אָרדן פון די מייסטערזינגער, כדי צו געווינען איר האַנט און די מיטלען דורך וועלכע ער פירט עס דורך, איבערשטייגנדיג בעקמעסערן דורך זיין פראַכטפולער פרייז־ליד.

דער פאָרשפּיל איז געבילדעט אויף די פינף הויפּט־טעמעס פון דער אָפּערא, צוויי פון וועלכע סימבאָליזירן די קאָרפּאָראַציע פון די געלערטע מייסטערזינגער און די איבעריגע — די פאַרשידענע פאַזן פון דער ליבע צווישן איוואַ און וואַלטער.

עס עפנט זיך מיט דעם מאַרש פון די מייסטערזינגער, נאָכגעפאָלגט פון דער טעמע „דערוואַכנדע ליבע". דאַן קומט אַן אַנדער מאַרש ריטם, וועלכער איז באַוואוסט אַלס דער „באַנער" מאָטיוו. דאָס פירט צו אַ צווייטן מאָטיוו, וואָס הייסט „ליבעס וידוי", נאָכגעפאָלגט פון דעם מאָטיוו וואָס ווערט גערופן „אומגעדולדיגע היציקייט". אין דעם פינאַל זיינען די „באַנער" און „ליבעס דערקלערונג" מאָטיוון צוזאַמענגעפלאָכטן. נאָך דעם ווי עטלאַכע טיילן ווערן ווידערהאָלט און אויסגעברייט, ענדיגט זיך דער פאָרשפּיל מיט אַ שטאַרקן קלימאַקס.

## פאָרשפּיל צו „דאַס רהיינגאָלד"

### Prelude to "Das Rheingold"

דער פאָרשפּיל פון „דאַס רהיינגאָלד" איז באַזירט נאָר אויף איין מאָטיוו — דעם „רהיין" מאָטיוו. עס סימבאָליזירט דעם פרימיטיוון עלעמענט, וואַסער, אין אַ צושטאַנד פון פאָלשטענדי־

נער רו; דעם וואסער פון וועלכן עס איז, לויט דער מיטאָלאָ־גישער לערע, ארויסגעקומען לעבן און אלע זיינע קעמפע און ליידנשאפטן.

אין אָנהויב הערן מיר אַן איינצעלנע מיסטעריעזע נאָטע, וואָס סימבאָליזירט די נאַטור אין אַ שלאָפנדן צושטאנד. דאַן פאָלגן ביסלאכווייז אלע אנדערע הארמאָנים אין דעם סדר ווי די נאַטור פּראָדוצירט זיי; פארבייגייענדע טענער יאָגן איינע די אנדערע, ריטמס מישן זיך צוזאַמען און נעמען אַן קאָמפּליצירטע פאָרמען; אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך שוין עטאַבלירט; דאָס וואסער הויבט זיך אָן צו באַוועגן; דער גערויש ווערט ביסלאכווייז שטארקער און פארפלייצט דעם אָרקעסטער ווי אַ גוס־רעגן; די כוואַליעס קלאַפּן זיך ריטמיש; אַ ציטער הויבט זיך אויף און ווערט גרעסער, בריינגענדיג די בשורה, אַז לעבן האָט ארויסגעשפּראָצט פון וואסער.

## פאָרשפּיל צו „די וואלקירן"

### Prelude to "Die Walkure"

אין „די וואלקירן" הויבט זיך אָן די מענשליכע דראמע פון דער „ניבעלינג טרילאָגיע". שטארקע מענשליכע ראסן זיינען ענט־שטאנען, און די וואלקירן פון גאָט וואָטאַן פּאַסן אויף זיי אויף, פירנדיג די געפאלענע העלדן נאָך וואלהאלא (גן־עדן), וואו זיי פארברייגנען פריילאָך די צייט אין גאָט'ס געזעלשאפט.

דער פאָרשפּיל איז זייער קורץ און מאָלט אַ שרעקליכן שטור־רעם מיט שטארקע דונערן, בליצן און שטראָמען רעגן.

## פאָרשפּיל צו „זיגפריד"

### Prelude to "Siegfried"

דער פאָרשפּיל צו דער דראמע איז געבויט אויף טעמעס, וואָס קומען פאָר אין די פריהערדיגע טיילן פון דעם „רינג פון ניבעלונגען" — „דאס רהיינגאָלד" און „די וואלקירן".

אין אָנהויב הערן מיר דעם מאָטיוו, „די אָפּשפּיגלונג", דאַן „די אָנקלייבונג פון אוצרות", אונטערבראָכן דורך אַ קורצער אָנ־

דייטונג אויף וואָטאַנ׳ס כעס, וועלכער ווערט גלייך פאַרוואַנדלט אין דעם „קנעכטשאַפט“־מאָטיוו, נאָכגעפאָלגט פון דעם „שמעלץ־אויוון“, „ניבעלונג׳ס געשריי פון טריאומף“, „דער רינג“, „דער שווערד“ און „דער דראַגאָן“.

## „וואַלד־וועבן“

"Waldweben"

די דאָזיגע קאָמפּאָזיציע איז גענומען פון דעם צווייטן אַקט פון „זיגפריד“, מאָלנדיג זיינע טרוימען ווען ער געפינט זיך אין וואַלד, ווי ער טויטעט דעם דראַגאָן און די ענטדעקונג וואָס ער מאַכט, אַז ער קען פאַרשטיין די שפּראַך פון די פויגעלאַך, נאָך דעם ווי ער פאַרזוכט דעם מאָנסטער׳ס בלוט.

## „זיגפריד אידיל“

Siegfried "Idyl"

דער נומער דריקט אויס אַ וואַכנדן טרוים, געוועבט פון פאַר־גאַנגענע פריידן, גליק פון דער געגנוואַרט און האָפנונגען אויף דער צוקונפט. די טעמעס, אויף וועלכע די „אידיל“ איז געבויט, זיינען, מיט דער אויסנאַם פון דער וויג־ליד, גענומען פון דער מוזיק דראַמע „זיגפריד“ און באַשטייען פון:

1) דעם שלום מאָטיוו פון דער ליבעס סצענע אין דריטן אַקט.

2) אַ טייל פון דעם „דרעמל“ מאָטיוו.

3) אַ טעמע גענומען פון ברונהילדע׳ס אויסגעשריי אין דער ליבעס סצענע.

4) דעם שאַץ־מייסטער פון דעם „וועלט מאָטיוו“.

5) זיגפריד׳ס „וואַנדערונג“ מאָטיוו אין דעם ערשטן אַקט.

6) אַ טייל פון די פויגעלאַך געזאַנג אין „וואַלד־וועבן“, און

7) די באַגלייטונג פון זיגפריד׳ס באַגייסטערטע ווערטער ביים שלום פון דער ליבעס סצענע.

## פאָרשפּיל צו „פּאַרסיפאַל"

### Prelude to "Parcifal"

דער פאָרשפּיל צו „פּאַרסיפאַל" איז געבילדעט אויף דריי סימבאָלישע טעמעס וואָס זיינען פארבונדן מיט דער מיסטעריע פון דעם הייליגן גרייל, און פאָרמירן דעם שליסל־טאָן פון דער אָפּערא.

די ערשטע טעמע טראָגט דעם זעלבן כאראקטער, ווי דער „גרייל מאָטיוו" אין דעם „לאָהענגרין" פאָרשפּיל. די צווייטע טעמע סימבאָליזירט די הייליגע כלי אליין און לאדט איין די הייליגע ריטער צו דערפילן זייערע פליכטן. די דריטע טעמע איז א סימבאָל פון גלויבן — א מעלאָדיע אין א כאָראלער פאָרמע.

## אַ פאַוסט אָווערטור

### A Faust Overture

די פאוסט־אָווערטור איז א טאָן־בילד פון דער אונרוהיקייט פון דער נשמה, איר שטרעבן און איר קאמף מיט דעם שיקזאל. עס שטעלט פאָר פאוסטן אליין, איידער ער האָט באגעגנט מע־פיסטאָפעל׳ן.

דער קאָמפּאָזיטאָר האָט גענומען פאר דער אָווערטור אלס מאָטאָ די פאָלגנדע שורות פון געטע׳ס פּאָעמע, וועלכע דערקלערט דייטליך דעם אינהאלט פון דער אָווערטור:

„דער גאָט וואָס וואוינט ביי מיר אין ברוסט קען מיין נשמה טיף אויפרעגן; דער וואָס הערשט איבער מיין קראפט קען אויסערליך קיין זאך באוועגן. ס׳איז דערפאר מיר אלץ צו לאסט, דער טויט ערווינשט, דאָס לעבן פארהאסט".



## קארל פאָן וועבער

וועלט־באַרימטער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 28טן דעצעמבער, 1786, אין יוטין, דייטשלאַנד. געשטאָרבן דעם 5טן יוני, 1826. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די אָפּעראַס „דער פריישוץ", „אָבעראָן" און „יוראַנטע", די אָווערטורס „פּרעקיאָזע", „באַהערשער פון גייסטער", „אַבו האַססאַן", „טוראַנדאָט" און „יובילוי", די קאָנצערט שטיק אין „עף מיינאָר" און „איינלאַדונג צו אַ טאַנץ".

## אָווערטור צו „אָבעראָן"

### Overture to "Oberon"

די אָבעראָן אָווערטור גיט אונז אַ כאַראַקטעריסטישע שילדערונג פון דער פאַנטאַסטישער אָפּערא, די געשיכטע פון וועלכער איז אין קורצן ווי פאָלגט:

דער קעניג פון די גייסטער, אָבעראָן, וועלכער האָט זיך צוקריגט מיט זיין געליבטער, טיטאַניא, קען ניט ווערן צוריק גוט מיט איר, סיידן ער וועט געפינען צוויי געליבטע, וואָס זיינען טריי און איבערגעבן איינע צו די אַנדערע אונטער אַלע אומשטענדן. פּאָק אַקערט דורך די גאַנצע וועלט אַזעלכע צו געפינען און באַגעגנט ענדליך דעם יונגן ריטער, הואָן, און זיין געליבטע, רייזא,

די טאָכטער פון באגדאדער קאליף, וועלכע בלייבן טריי איינע צו די אנדערע ניט קוקנדיק אויף אלע נסיונות אוןליידן. אָבע־ראָן ווערט דאן פארגעבן.

די אָווערטור עפנט זיך מיט פאנטאסטישע מוזיק פון אָבע־ראָנ׳ס צויבער האָרן, וועלכער לאדט איין די גייסטער. דאן פאָלגט א מארש טעמע, וואָס שטעלט פאָר דעם העלד. די גייסטער־מוזיק ווערט פאָרטגעזעצט און פירט צו א מאָטיוו, וואָס איז גענומען פון דעם קוואַרטעט אין דער אָפּערא.

דאָן קומט א טעמע, וואָס דריקט אויס הואָנ׳ס געזאנג, די סצענע מיט רייזא און דעם כאָר־געזאנג פון די גייסטער, וועלכע הויבן אויף, אויף פאק׳ס באפעל, א שטורעם וואָס צוברעכט די ליבהאָבערס שיפל. דער שלוס איז פון א שטארק טומלדיגן כא־ראקטער.

## אָווערטור צו „דער פריישוץ"

### Overture to "Der Freischutz"

די אָפּערא „דער פריישוץ" איז באזירט אויף דער אַלטער רייטשער לעגענדע וועגן דעם וואלד־וועכטער, וואָס פארקויפט זיין ווייב צו די פינסטערע כוחות פאָר די צויבער־קוילן וואָס טרעפן שטענדיג אין ציל.

דער יונגער יעגער מאַקס, וועלכער זוכט צו הייראטן אגאטא און פארנעמען די שטעלע פון איר פאָטער אַלס וואלד־וועכטער, איז שטארק נייגיריג צו געווינען דעם געוועט אַלס בעסטער שיסער. ער בארוט זיך מיט דעם שטן, זעמיעל, און קריגט פון אים די צויבער־קוילן. ער ווערט געראטעוועט פון דער קללה דורך דער זעלבסט־אויפאָפּפערנדער ליבע פון אגאטא.

די אָווערטור עפנט זיך מיט א האָרן־קוואַרטעט, וואָס שטעלט פאָר, נאָך דער מיינונג פון מוזיק־אויסטייטשער, דאָס גליק און איינפאכקייט פון וואלד־לעבן. דאָס ווערט נאָכגעפאָלגט פון דעם פאָרשפּיל צו דער געשיכטע — דעם קאָנטראַסט צווישן זעמיעל און קאספאר, און פירט צו דער „מאקס"־סצענע ביים ענדע פון ערשטן אקט.

נאָך אַ קורצן אריינפיר הויבט זיך אָן דער עפּיזאָד פון דעם ווילדן שטרייט. דאַן פאָלגט צויבער־מוזיק, וואָס פירט צו אַגאַ־טע׳ס אַריע, וועלכע זי זינגט אין צווייטן אַקט, טרעפנדיג איר גע־ליבטן. נאָך דעם הערן זיך אָפּגעהאַקטע קלאַנגען פון דער צוי־בער־מוזיק און זיי פירן צו דער דריטער אָפּטיילונג פון דער אָווער־טור, וואָס ענטהאַלט טיילן פון מאַקס׳עס אַריע, די קאַדאַ, וואָס שליסט די אָווערטור באַשטייט פון אַ פראַזע פון אַגאַטע׳ס אַריע.

## אײַנלאַדונג צו אַ טאַנץ

Invitation to a Dance

די קאָמפּאָזיציע עפנט זיך מיט אַ פיגור אין רעטשיטאַטיוו, וועלכע דריקט אויס די מענער־שטימע, וואָס לאַדט איין צו אַ טאַנץ. דאַן קומט דער ענטפער פון אַ ווייבער סאָפּראַנאָ־שטימע, וואָס וויל די איינלאַדונג ניט אָננעמען. די איינלאַדונג איז ווי־דערהאָלט מיט מער קראַפט און די דאַמע שטימט ענדליך איין.

גייענדיג געאָרעמט איבער דעם זאַל קומט צווישן זיי פאָר אַ קורצער געשפּרעך. דער אָרקעסטער הויבט דאַן אָן צו שפּילן, די טענצער הויבן זיך אויף און לאָזן זיך אַוועק אין אַ וואַלס. מיט דער ענטוויקלונג פון טאַנץ פאַלן די טענצער אריין אין יענער פריילאַכער שטימונג, וועלכע עס רופן אַרויס די העלע באַלייכ־טונג, די בלומען, די מוזיק, די שיינע קאָסטיומען און די גאַנצע אַטמאָספערע. די דאָזיגע שטימונג ווערט געמאָלן דורך פאַרשי־דענע קונציגע פיגורן און באַפוצונגען.

דאַן פאָלגט אַ צווייטע וואַלס־טעמע, לאַנגזאַמער ווי די ער־שטע, מער ליריש, טרוימעריש אין טאָן. אין מיטן פון דער צוויי־טער מעלאָדיע הערן מיר ווידער די מענער־שטימע און דעם ווייבּן ענטפער, ביז ביידע שטימען פאַרזינקען ביסלאַכווייז אין דעם אַל־געמיינעם ברומען און אין די מאָטיוון פון אָרקעסטער.

ווען דער טאַנץ איז געענדיגט און דער אָרקעסטער ווערט שטיל, הערן מיר ווידער די ערשטע טעמע ווי דער מאַן דריקט אויס צו זיין מיטטענצערן אַ העפליכן דאַנק.

# קאָנצערט שטיק אין „עף מיינאָר"

Concert Piece in F Minor

דעם קאָמפּאָזיטאָר'ס אייגענער פּירוש איבער דער דאָזיגער קאָנצערט־שטיק איז ווי פאָלגט:

א יונגע פרוי זיצט אַליין אויף דעם באַלקאָן פון איר טורעם און איז פאַרטיפט אין טרויעריגע געדאַנקען וועגן איר געליבטן ריטער, וועלכער איז שוין זייט עטלאַכע יאָר אַוועק מלחמה האַלטן אין הייליגן לאַנד און עס איז פון אים קיין ידיעה ניטאָ. אומזיסט זיינען אירע תפילות און איר בענקעניש. איר צורודערטע פאַנטאַזיע רופט אַרויס שרעקלאַכע בילדער ווי איר מאַן ליגט אַ פאַרוואונדעטער אויף דעם שלאַכטפעלד, פון אַלעמען פאַרלאָזן, און ווי עס שטראָמט ביי אים דאָס בלוט פון האַרצן. זי פאַלט צוריק אויף איר פּלאַץ באַוואוסטלאָז. פּלוצלונג דערוואַכט זי פון אַ גערויש, וואָס דערטראָגט זיך פון דער ווייטן. וואָס זיינען עס פאַר טענער? ווער זיינען די פיגורן וואָס דערנענטערן זיך? ריטער און לעגיאָנערן מיט די צלמים פון דער הייליגער מלחמה, דאָס פלאַטערן פון פאָנען און הילכיגע באַגריסונגען פון פאָלק! און דאָ איז ער! זי זינקט אין זיינע אָרמס. ליבע טריאומפירט גליק אָן אַן ענדע. די ביימער און בוואַליעס זינגען דעם שיר השירים פון ליבע.

די קאָמפּאָזיציע איז אין פיר אָפּטיילונגען. די ערשטע דריקט אויס די טרויעריגע שטימונג פון דער יונגער פרוי ווען זי טראַכט וועגן איר געליבטן; די צווייטע אָפּטיילונג — איר פאָרשטעלונג, אַז זי זעט איר געליבטן ליגנדיג אויפן שלאַכטפעלד; די דריטע — דעם מאַרש פון די צוריקקערנדע קרייצפאָרער און די פערטע — די ווידערפאַראייניגונג פון די געליבטע.



# הוגא וואָלף

באַוואוסטער עסטרייכישער קאָמפּאָזיטאָר. געבאָרן דעם 13טן מערץ, 1866, אין ווינדישגריטץ; געשטאָרבן דעם 22טן פעברואר, 1903. זיינע וויכטיגסטע ווערק זיינען: די איטאַליענישע סערענאַדע, די סימפאָנישע פּאָעמע „פּענטעזילייא", לידער פון דער יוגנד־צייט, איטאַליענישע לידער בוך און שפּאַנישער לידער בוך.

## סימפאָנישע פּאָעמע „פּענטעזילעא"

Symphonic Poem "Penthesilea"

די דאָזיגע סימפאָנישע פּאָעמע איז באַזירט אויף הענריך פאָן קלייסט'ס טראַגעדיע מיט דעמזעלבן נאָמען, וועלכע אילוסטרירט די מלחמות פון די גריכן און די אמאַזאָנס, די באַגעגעניש פון דער אמאַזאָנישער קעניגין, פּענטעזילעא, מיט דעם גריכישן העלד אקילעז, איר ליבע צו אים, די געפאַנגענשאַפט פון אקילעז, פּענטעזילעא'ס אינערליכער קאַמף צווישן ליבע און שטרעבן נאָך דעראָבערונגען, איר וידוי, משוגעת און טויט.

די דריי אָפּטיילונגען פון דער קאָמפּאָזיציע האָבן פאָלגענדע איבערשריפטן:

1) דאָס אָפּפאָרן פון די אמאַזאָנס נאָך טראָי.
2) פּענטעזילעא'ס טרוים וועגן דעם בלומען פעסט.

3) מלחמות, ליידנשאַפטן, משוגעת, פאַרניכטונג.

די ערשטע אָפּטיילונג שילדערט די פאָרבאַרייטונגען פון די אַמאַזאָנס צו דער מלחמה געגן די גריכן.

די צווייטע אָפּטיילונג איז פון אַ רוהיגן כאַראַקטער. פּענ־טעזילעא טרוימט און אירע חלומות ווערן אַלץ מער באַלעבט ביז זיי ענדיגן זיך מיט איר דערוואַכונג.

אין אָנהויב פון דער דריטער אָפּטיילונג קומט פאָר אַ קריג צווישן צוויי מאָטיוון — פּענטעזילעא'ס באַשלוס צו זיגן אין קאַמף און די ווייכע אָפּקלאַנגען פון איר האַרצן. ווען דאָס הערט אויף, פאָלגט אַ ווייאָלא סאָלאָ, וואָס באַצייכנט די ווידערדער־שיינונג פון פּענטעזילעא אין אַ באַרוהיגטן צושטאַנד. נאָך אַ קורצער פיגור ברעכט אוים דער גאַנצער אָרקעסטער אין אַ ווי־דערהאָלונג פון דער עפענונגס־פּראַזע, דערגרייכנדיג ביז צו אַ מורא'דיגן קלימאַקס, וואָס באַצייכנט פּענטעזילעא'ס שטרעבן נאָך נקמה און פאַרניכטונג. ווען דאָס הערט אויף, שליסט זיך די פּאָעמע מיט דעם טראַגישן סוף פון פּענטעזילעא.

# ווערטערבוך פון מוזיקאַלישע טערמינען.

Absolute Music אבסאָליוט מוזיק

אין געגנזאַץ צו פּראָגראַם־מוזיק, וועלכע נעמט איר השפּעה אין פּאָעזי, קונסט, נאַטור אָדער לעבנס־פּאַסי־רונגען. אבסאָליוטע מוזיק ווערט אינספּירירט פון זיך אליין.

Accelerando עקסעלערענדאָ

איילנדיג, לעבעדיג, שטופנווייז שנעלער און שנעלער.

Accord אַקאָרד

1) אַן אַקאָרד, 2) אַ טאָן, 3) האַרמאָניס.

Accordion אַקאָרדיאָן

אַ קליינער מוזיקאַלישער אינסטרומענט, וועלכער אנט־האַלט פון 5 ביז 50 שליסלען און וועמעס טענער עס ווערן ארויסגעבראַכט דורך דעם דרוק פון ווינט איבער די מעטאַלענע רערן.

Acoustics אַקאָסטיקס

די ווישנשאַפט פון קלאַנגען, די סענסאַציע וואָס ווערט פאַראורזאַכט דורך אַ טאָן.

Adagio אַדאַגיאָ

לאַנגזאַם; אַ נאָמען פון אַן אָפּטיילונג פון אַ מוזיקאַ־לישער קאָמפּאָזיציע, וועלכע איז געשריבן אין דער דאָזיגער פאָרם.

Adirato אַדיראַטאָ

בייז, אויפגערעגט.

Affrettando אַפרעטאַנדאָ

שנעלער מאַכנדיג דעם טאַקט.

**Agilmente** עגילמענטע

אין א פרייליכן טאָן.

**Agitato** עדזשיטאטאָ

באוועגלאך, מונטער.

**Air** עיר

1) א טאָן, ליד אָדער מעלאָדיע, 2) א סעריע פון טענער אין א סימעטרישער גרופירונג, 3) די העכסטע טייל פון א קאָמפּאָזיציע.

**All Antico** אל אַנטיקאָ

אין דעם אלטן סטיל.

**Alla Caccia** אלא קאטשיא

אין יאכט סטיל.

**Alla Camera** אלא קאמערא

אין סטיל פון קאמער מוזיק.

**Alla Zingaro** אלא זינגארא

אין ציגיינער־סטיל.

**Allegretto** אלעגרעטאָ

1) עטוואָס שנעל, 2) א קורצע אלעגראָ־אָפּטיילונג.

**Allegro** אלעגראָ

א שנעלע, לעבעדיגע אָפּטיילונג פון א מוזיקאלישער קאָמפּאָזיציע.

**Amore** אמאָרע

צארט, מיט כונה.

**Andante** אנדאנטע

א מוזיקאלישע אָפּטיילונג פון א קאָמפּאָזיציע אין א רוהיגן, לאנגזאמען טאקט.

**Andantino** אנדאנטינאָ

עטוואס לאנגזאמער ווי אין אנדאנטע; א קורצע אנדאנטע.

**Animato** ענימאטאָ

לעבעדיק.

**Anthem** ענטהעם

א שטיק קירכן־מוזיק, וועלכע איז דאָס רוב געבילדעט אויף ביבלישע פסוקים.

**Antithesis** ענטיטעזיס

דער ענטפער וועלכער ווערט געגעבן אויף פוגעס.

**Aperto** אַפּערטאָ

קלאָר, באשטימט.

**Aplomb** עפּלאָמב

גראַד, אין גלייכן טאקט.

**Arabesque** אַראַבעסק

א געקינצלטע פיגור אין א מעלאָדיע.

**Aria** אַריאַ

א ליד, א ניגון.

**Aria Palant** אַריאַ פּאַלאַנט

א אריע מיט ווערטער, אין וועלכער די מוזיק איז נאָר צוליב א דעקלאַמאַטאָרישן עפעקט.

**Arietta** אַריעטאַ

א קליינע אריע.

**Arioso** אַריאָזאָ

א קורצע מעלאָדיע אין דער פאָרם פון א רעטשיטאַטיוו.

**Assai** עססאי

זייער, עקסטרים.

**Attack** אַטעק

די מעטאָדע אָדער די ריינקייט באַם אָנהויבן א פראַזע אין מוזיק.

**Aubade** אובאַד

מאָרגן־מוזיק; קורצע אינסטרומענטאַלע שטיק אין לירישן סטיל.

**Bagatella** בעגעטעלאַ

א קלייניגקייט; קורצע מוזיקאַלישע שטיק.

**Bagpipe** בעגפּייפּ

אן אַלטער אינסטרומענט, וועלכער ווערט באַנוצט מערסטנטייל אין סקאָטלאַנד און איירלאַנד. עס האָט

אַ קאָמבינאַציע פון באַשטימטע טענער און אַ ווינט־
זעקל דורך וועלכען זיי ווערען ארויסגעבראכט.

**Ballad** **באַלאַד**

1) אַ פּאָעמע וועלכע איז באַשטימט פאר געזאַנג, 2) אַ
קורצע וואָקאַלע מעלאָדיע מיט אַ לייכטער אינסטרומענ־
טאַלער באַגלייטונג, 3) אַ נאָמען פאר לייננערע לירישע
קאָמפּאָזיציעס.

**Ballet** **באַלעט**

1) אַ ספּעקטאַקל־טאַנץ, 2) אַ פּאַנטאָמימע־פאָרשטעלונג
מיט מוזיק און טענץ.

**Banjo** **באַנדזשאָ**

טיפּישער אינסטרומענט פון אַמעריקאַנער נעגער, וואָס
באַשטייט פון אַן אויסגעצויגענעם פינגער־ברעטל, צו־
געפעסטיגט צו אַ רונדער כּלי, באַדעקט מיט פּאַרמעט,
איבער וועלכען עס זיינען פאַרצויגען פינף סטרונעס.

**Bar** **באַר**

טאַקט, אַ ווערטיקאַלע ליניע וואָס צוטיילט די מאָסן
אין די נאָטן, און באַצייכנט, אַז דער שטאַרקער קלאַפּ
פאַלט אויף דער פאָלגנדער נאָטע.

**Barcarole** **באַרקעראָלע**

אַ ווענעציאַנישע ליד וואָס ווערט געזונגען פון די
דאָרטיגע שיפער.

**Bard** **באַרד**

אַ פּאָעט און זינגער ביי די אַלטע קעלטישע פעלקער.

**Barocco** **באַראָקאָ**

אונרעגעלמעסיג; אויסערגעוויינלאך; קאַפּריזנע.

**Bassoon** **בעסון**

אַ הילצערנער בלאָז־אינסטרומענט מיט עלף לעכלאך,
אויף וועלכע מען שפּילט מיט די פינגער ווי אויף אַ
פלייט.

**Bayadere** **באַייאַדער**

אַ מזרח־אינדישער טאַנץ; אַ אינדישע טענצערין.

**Bayles** ביילים

אַ קאָמישער טאַנץ־מאָטיוו.

**Bellicosamente** בעליקאָסעמענט

קריגעריש; אין אַ קריגערישער פאָרם.

**Bolero** באָלערא

1) אַ שפּאַנישער נאַציאָנאַלער טאַנץ, באַגלייט מיט קאַסטאַנעטן, 2) אַ קאָמפּאָזיציע אין דעם סטיל פון אַ באָלעראָ.

**Bouffe** בוף

קאָמיש; אַ קאָמישע אָפּערא.

**Bourree** בוררע

אַן אַלטע זייער שנעלע טאַנץ־מעלאָדיע.

**Boutade** באוטאַד

1) אַ קורצער באַלעט, 2) אינסטרומענטאַלע פאַנטאַזיע.

**Bravura** ברעוואורא

1) פּרעכטיג, 2) לידער אָדער אַריעס וואָס ווערן געזונגען מיט קאָלאָראַטור און מיט אַ באַזונדערע אָנווענדונג פון דער שטימע.

**Brio** בריאָ

פרייליכקייט, גייסט, היץ.

**Bugle-Horn** בוגל־האָרן

אַ יעגער־האָרן; אַ מוזיקאַלישער אינסטרומענט, וואָס ווערט באַנוצט אויף יאַכט אָדער פאַר מיליטערישע מוזיק.

**Burlesque** בורלעסק

אַ איראָנישע אָדער סאַטירישע קאָמפּאָזיציע וואָס באַצוועקט ארויסצורופן געלעכטער אָדער אָפּצולאַכן פון אימיצן.

**Burletta** בורלעטא

אַ מוזיקאַלישער פאָרם.

**Cabaletta** קעבאַלעטא

אַ מעלאָדיע אין אַ רונדער פאָרם, וואָס מאַכט נאָך די פוס־טריט פון אַ לויפנדן פערד.

**Caccia** קעטשיאַ

אַ יאַכט; דאָס יאָגן זיך.

**Cadence** קיידענס

1) דער פאַל, דאָס זינגען פון אַ טאָן. 2) די שלוס־טענער אין אַ מעלאָדיע אָדער האַרמאָניע.

**Calata** קאַלאַטאַ

אַ לעבעדיגער טאַנץ־מאָטיוו.

**Canon** קענאָן

די פאָרם פון אַ קאָמפּאָזיציע, אין וועלכער יעדער קלאַנג אָדער יעדע שטימע מאַכט נאָך פּינקטלאַך די מעלאָדיע, געזונגען אָדער געשפּילט פון דעם ערשטן.

**Cantabile** קענטאַבילע

ליריש; אין אַ זינגנדן סטיל.

**Cantata** קאַנטאַטאַ

אַ געשיכטע אין פערזן צו זינגען סאָלאָ; אַ וואָקאַלע קאָמפּאָזיציע מיט אינסטרומענטאַלער באַגלייטונג, וועלכע באַשטייט פון כאָר־ און סאָלאָ־געזאַנג, רעטשיטאַטיוון, דועטן א. ז. וו. עס אונטערשיידט זיך פון אַן אָראַטאָריע אָדער אָפּעראַ דורך דעם וואָס עס אַנטהאַלט קיין סצענישע עפעקטן און קיין דראַמאַטישע עלעמענטן.

**Canticle** קאַנטיקל

אַ ליבע־ליד; אַ דאַנק־געזאַנג צו גאָט.

**Cantilina** קענטילינאַ

אַ פאָלקס־ליד; אַ גלאַט פליסנדע מעלאָדיע.

**Canto** קענטאָ

1) אַ טייל פון אַ פּאָעמע, 2) די סאָפּראַנאָ־שטימע; די העכסטע וואָקאַלע אָדער אינסטרומענטאַלע טייל.

**Canzona** קענזאָנאַ

1) אַן אינסטרומענטאַלע קאָמפּאָזיציע אין דער אַלטער סאָנאַטע־פאָרם; אַן אָנדייטונג אויף אַ שנעלע לעבעדיגע אָפּטיילונג.

**Capella** קאַפּעלאַ

אין קירכען־סטיל.

**Capo** **קאַפּאָ**

דער אָנהויב; דער קאָפּ.

**Capriccio** **קאַפּריטשיאָ**

אַן אינסטרומענטאַלע קאָמפּאָזיציע, וועלכע איז פריי, ניט־קאָנווענציאָנעל אין דער פאָרם.

**Carillon** **קערילאָן**

אַ סעריע גלעקלאַך, פאַרשידן געטאָנט.

**Carol** **קעראָל**

אַ געוויינלאַכעס ליד; אַ לויב־געזאַנג.

**Caresant** **קערעסענט**

לאַסטשענדיג; אויף אַ צערטליכן אופן.

**Castanet** **קאַסטאַנעט**

אַן אינסטרומענט געמאַכט פון פלאַכע שטיקלאַך עלפאַנט־ביין אָדער הארטע האָלץ, וועלכער ווערט גענוצט דאָס רוב פון שפּאַניער אָדער מורן צו באַגלייטן זייערע טענץ אָדער גיטאַרעס.

**Cavatina** **קאַוועטינאַ**

אַ קורצע מעלאָדיע אָן באַגלייטונג.

**Cavota** **קאַוואָטאַ**

די פּראָדוצירונג פון טאָן.

**Celesta** **צעלעסטע**

אַן אַלטער אינסטרומענט פון דער האַרמאָניקע־משפחה מיט שטאָלענע פּלאַטן וואָס הייגען איבער הילצערנע קעסטעלאַך. מען קלאַפּט אויף זיי מיט האַמערלאַך איבער דער שליסל־ברעט ווי אויף אַ פּיאַנאָ.

**Chamber Music** **טשעמבער מוזיק**

וואָקאַלע אָדער אינסטרומענטאַלע מוזיק, צוגעפּאַסט אויפצופירן אין קליינע צימערן. מיט דעם ווערן דאָס רוב באַצייכנט סאָנאַטעס, טריאָס, קוואַרטעטן, א. ד. ג.

**Chant** **טשענט**

1) אַ ליד, אַ מעלאָדיע, אַ טאָן; 2) אַ גרעגאָרישע

מעלאָדיע וואָס ווערט ווידערהאָלט מיט אייניגע פערזן פון א פּראָזע־טעקסט.

**Chinso** **טשינסאָ**

געשלאָסן, באהאלטן.

**Chord** **קאָרד**

אן אקאָרד; די האַרמאָניע פון צוויי אָדער מער טענער פון פארשידענעם הויך.

**Chromatic** **כראָמאַטיק**

מוזיק אָדער אקאָרדן וואָס אנטהאלטן טענער וועלכע געהערן ניט צו דער באשטימטער סעריע פון טענער.

**Coda** **קאָדאַ**

צוגאָב צו א קאנטאטע, סימפאָניע אָדער אָוועּרטור, וועלכער איז געבויט אויף א פריערדיגער טעמע און דינט צו פארשטארקן די אָפּטיילונג גון דער מוזיקאַ־לישער קאָמפּאָזיציע.

**Coloratura** **קאָלאָראַטור**

וואָקאַלע אָדער אינסטרומענטאַלע געדרייטע, ציטערנדע טענער א. ד. ג.

**Commodo** **קאָמאָדאָ**

מעסיג.

**Compass** **קאָמפּאַס**

. די רייע פון נאָטן אָדער קלאנגען, וועלכע יעדע שטימע אָדער אינסטרומענט איז פייהיג צו נעמען.

**Concertina** **קאָנצערטינע**

א קליינער אינסטרומענט פון דעם עקאָרדיאָן־מין. די קלאנגען ווערן פּראָדוצירט דורך דעם לופט־דרוק פון בלאָז־זאַק איבער די פרייע מעטאַלענע רערן.

**Concerto** **קאָנצערטאָ**

א מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע פּאַסנד פאַר קאָנצערטן, א שטיק פאַר צוויי אָדער מער סאָלאָ־שטימען אָדער אינסטרומענטן מיט אָדער אָן באגלייטונג.

**Corale** **קאָראַלע**

מוזיק פאַר כאָר־געזאַנג מיט באגלייטונג.

**Cornet a Piston** קאָרנעט ע פּיסטאָן

אַ מעשענער בלאָז־אינסטרומענט ווי אַ טרומפּייט, באַ־זאָרגט מיט. דעקלאַך וואָס באַוועגן זיך דורך אַזעלכע קליינע פּיסטאָנס אָדער גליטשיגע רערן.

**Counterpoint** קאונטערפּאָינט

אַ קאָמבינאַציע פון מעלאָדיעס; די קונסט פון צוגעבן מעלאָדיעס אין אַ קאָמפּאָזיציע, לויט געוויסע כּללים.

**Couplet** קופּלעט

אַ באַלאַדע, אַ טייל פון אַ ליד, אייניגע שורות אין גראַמען.

**Crescendo** קרעשענדאָ

די שטופנווייזע העכערונג פון טאָן.

**Cymbals** צימבלם

צוויי רונדע און פלאַכע מעטאַלענע טאַצן, וועלכע ברייננען ארוים דורך זייער צוזאַמענקלאַפּן שאַרפע הילכנדע קלאַנגען.

**Czardas** טשאַרדאַש

אַ נאַציאָנאַלער אונגאַרישער טאַנץ, וועלכער צייכנט זיך אויס דורך זיין ליידנשאַפטליכן כאַראַקטער און בייטנדן טעמפּער

**Development** דעוועלאָפּמענט

די אויסאַרבייטונג פון אַ מוזיקאַלישער טעמע, לויט געוויסע כּללים.

**Diecetto** דיצעטאָ

אַ קאָמפּאָזיציע פאַר צען אינסטרומענטן.

**Di Gila** די גאַלאַ

לוסטיג.

**Di Molto** די מאָלטאָ

זייער פיל; זייער שנעל.

**Dirge** דוירזש

אַ טרויער־מעלאָדיע; אַ לויב־געזאַנג.

**Disinvolto** דיסינוואָלטאָ

פריי, נאַטירלאַך, לייכט.

**Ditty** דיטטי

אַ קורצע איינפאַכע מעלאָדיע, וועלכע איז געוויינלאך צוגעפּאַסט צו ווערטער, וואָס אַנטהאַלטן אַ מאָראַל.

**Divertissemento** דיווערטיסעמענטאָ

1) אַ קורצע פּאָעמע, צוגעפּאַסט צו מוזיק, אין מיטן פון וועלכער עס קומען פאָר טענץ און געזאַנג. 2) אַן אינסטרומענטאַלע קאָמפּאָזיציע אין זעקס אָדער זיבן אָפּטיילונגען ענלאך צו אַ סערענאַדע; 3) אַן אַנטראַקט אין אַן אָפּערא אָדער צווישן קאָמפּאָזיציעס אין דער פאָרם פון אַ קורצער באַלאַדע.

**Double Bass** דאָבל באַסס

אַ קאָנטראַבאַס, אַ באַנדורע; דער גרעסטער פון די סטרונעס אינסטרומענטן, געשפּילט מיט אַ בויגן.

**Dramatic Music** דראַמאַטיק מוזיק

מוזיק וואָס אַקאָמפּאַנירט און אילוסטרירט אַ דראַמע אויף דער בינע.

**Dulce** דאלסע

זיס־קלינגענד, ווייך, מעלאָדיש.

**Dux** דוקס

די טעמע פון אַ פוגע.

**Eclogue** עקלאָג

אַ פּאַסטוכער ליד; אַ פּאָעמע, אין וועלכער פּאַסטוכער זיינען די אַקטיאָרן.

**Ecole** עקאָל

אַ שולע, אַ מעטאָדע אָדער קורס פון אונטעריכט.

**Eleganza** עליגאַנזאַ

מיט גלאַנץ; גראַציעז.

**Elegy** עלעדזשי

עלעגיע, אַ קלאָג־ליד; אַ וואָקאַלע אָדער אינסטרומענטאַלע קאָמפּאָזיציע וואָס האָט אַ טרויעריגן כאַראַקטער.

**Encore** ענקאָר

נאָך אַמאָל; די ווידערהאָלונג פון אַ געוויסער שטיק אָדער פאָרשטעלונג.

**English Horn** ענגלישער האָרן

א טענאָר אָבאָע, וועמעס טענער עס האָבען א קלאַנגרן און מעלאַנכאָלישן אָפּקלאַנג.

**Ensemble** אַנסאַמבל

צוזאַמען; די האַרמאָנישע פאַראייניגונג פון באַזונדערע טיילן אין איין גאַנצעס; אַלע זינגער אָדער שפּילער פאַראייניגט.

**Entr'acte** ענטראַקט

צווישן די אַקטן; מוזיק געשפּילט צווישן די אַקטן.

**Entrata** ענטראַטאַ

אריינפיר, פאָרשפּיל.

**Entrepeneur** ענטרעפּעניאָר

**or Impresario** אָדער אימפּרעסאַריאָ

דער דירעקטאָר אָדער פירער פון א קאָמפּאַני אַרטיסטן וואָס גיבן פאָרשטעלונגען.

**Episode** עפּיזאָד

א זייטיגער מאָטיוו; א טייל פון א קאָמפּאָזיציע וואָס האָט קיין שייכות צו אירע טעמעס און מאָטיוון.

**Epitalamium** עפּיטאַלאַמיום

א חתונה־ליד.

**Epode** עפּאָוד

1) א צושפּיל, 2) די לעצטע סטראָפן פון א ליד וואָס ווערט געזונגען.

**Equisono** עקוויזאָנאָ

גלייך קלינגענד.

**Eroica** עראָאיקאַ

העלדיש, שטאַרק, ווירדיג.

**Espagnolo** עספּאַנאָלאַ

אין שפּאַנישן סטיל.

**Espirando** עספּיראַדאַ

טיף אָטעמענדיג.

**Espressione** עספּרעשיאָן

מיט געפיל, אויסדרוקספול.

**Estravaganza** עסטראַוואַגאַנזאַ

אַן אונרעגלמעסיגע, פאַנטאַסטישע קאָמפּאָזייע.

**Etude** עטיוד

אַ שטודיום, אַן איבונג, אַן ענטוואורף פון אַ קונסט־ווערק.

**Facile** פעסיל

לייכט, גרינג.

**Falsetto** פאַלצעטאָ

אַ פאַלצעט־שטימע, אַ שטימע וואָס קומט פון קאָפּ ניט פון ברוסט; אַ פאַלשע אָדער געקינסטלטע שטימע.

**Fandango** פאַנדאַנגאָ

אַ שפּאַנישער טאַנץ, באַגלייט געוויינלאך מיט קאַס־טאַנעטס.

**Fanfare** פענפער

דאָס שאַלן פון טרומפּייט.

**Fermato** פערמאַטאָ

גלייך, באַשטימט.

**Fermezza** פערמעזאַ

אין אַ פעסטן ענערגישן טאָן.

**Festivamente** פעסטיוועמענט

אויף אַ פריילאכן, יום־טוב'דיגן אופן.

**Fiacco** פיאַקאָ

שוואַך, בלאַס.

**Fiasco** פיאַסקאָ

אַ דורכפאַל.

**Fife** פייף

אַ שאַרף קלינגענדער קליינער פלייט.

**Figure** פיגור

אַ מוזיקאַלישע פראַזע אָדער מאָטיוו.

**Finale** פינאַל

דער שלום; די לעצטע אָבטיילונג פון אַ סאָנאַטע, סימפאָניע א. ד. ג.

**Flageolet** **פלעגאַלעט**

אַזאַ פלייט; אַ קליינער בלאָז־אינסטרומענט מיט אַ מונדשטיק און זעקס הויפּט לעכלאַך פאַר די טענער.

**Flat** **פלעט**

אונטערטאָן; דער כאַראַקטער וועלכער מאַכט נידע־ריגער דעם טאָן פון די נאָטן.

**Flautand** **פלוטענד**

פונקט ווי אַ פלייט.

**French Horn** **פרענטש האָרן**

אַ מעטאַלענער בלאָז־אינסטרומענט, וועלכער באַשטייט פון אַ לאַנגן רער, צוזאַמענגעדרייט אין אייניגע רונדע פאַלדן.

**Foco** **פאַקאַ**

פייער.

**Form** **פאָרם**

דער נומער, אָרדנונג און שליסל באַציהונג פון דער טעמע אין אַ מוזיקאַלישער קאָמפּאָזיציע.

**Forte** **פאָרטע**

הויך, שטאַרק; אַ שטיק וואָס ווערט געשפּילט פאָרטע.

**Fortissimo** **פאָרטיסימאַ**

זייער הויך, זייער שטאַרק.

**Forza** **פאָרזאַ**

מיט קראַפט.

**Fugue** **פוגע**

אַ מוזיקאַלישע טעמע, אָנגעפאַנגען פון איין טייל און איבערגענומען כסדר ביי אַלע איבעריגע; אַ צוגעגעבענע טעמע, וועלכע אַקאָמפּאַנירט די הויפּט טעמע.

**Fugato** **פוגאַטאַ**

אַ מעלאָדיע מיט אַ פוגע באַגלייטונג.

**Funebre** **פונעבר**

טרויעריג, קלאָגענד.

**Fuoco** **פואָקאָ**

מיט פייער, ליידנשאַפטליך.

**Furioso** **פוריאזא**

מיט שטורעם, ליידנשאַפטליך.

**Furore** **פוראָר**

גערודער, אויפרעגונג.

**Galop** **געלאָפּ**

אַ גאַלאָפּ; אַ זייער לעבעדיגער און היציגער רונדער טאַנץ.

**Gamma, Gamut** **גאַמאַ, גאַמוט**

דער טאָן־לייטער; די גאַנצע נאָטן סיסטעם.

**Gavot, Gavotta** **געוואָט**

לעבעדיג און מיט ווירדע; אַן אַלטער פראַנצויזישער טאַנץ אין דער דאָזיגער פאָרם.

**Generoso** **גענעראָסאָ**

פריי, אָפן.

**Gigne** **גיגן**

דער געוויינלאַכער טיטל אין אַ סוט פאַר אַ „דזשיג".

**Giocoso** **דזשעקאָסאָ**

אין אַ שפּילעוודיגער פאָרם; הומאָריסטיש.

**Giusto** **דזשוסטאָ**

ריכטיג, פּינקטלאך; אין אַ גראַדן טאַקט.

**Glissando** **גליסאַנדאָ**

גליטשנדיג שנעל די פינגער איבער די קלאַווישן אָדער איבער דעם שליסל פון איין פּלאַץ צום צווייטן.

**Gong** **גאַנג**

אַ כינעזישער אינסטרומענט אין דער פאָרם פון אַ רונדן בראָנזענעם טעלער מיט פאַרבויגענע ברעגן. עס ווערט אין דעם געקלאַפּט מיט אַ שטעקל, וואָס איז ביים שפּיץ באַדעקט מיט לעדער און ברייננגט ארויס אַ לאַנגן, הארטן קלאַנג.

**Grace** **גריים**

קאָלאָראַטור אָדער טריל צו באַפּוצן די מעלאָדיע; אַ

וואָקאַלער אָדער אינסטרומענטאַלער דריידל, וועלכער
איז ניט דורכאויס נויטיג אין דער מעלאָדיע פון אַ
קאָמפּאָזיציע.

**Grandioso** גרענדיאָזאָ

גרויסארטיג, מאַיעסטעטיש.

**Guarch** גערטש

אַ לעבעדיגער שפּאַנישער טאַנץ.

**Guerriero** גערריעראָ

קריגעריש.

**Harpsichord** האַרפּסיקאָרד

אַן אַלטער אינסטרומענט, וועלכער איז באַנוצט געוואָרן
איידער די פּיאַנאָ איז ערפונדן געוואָרן. ער איז ענלאך
צו אַ פּיאַנאָ און האָט אַמאָל צוויי רייען פון שליסלאך.

**Helicon** העליקאָן

אַ טיוב, געמאַכט אין אַזאַ פאָרם דאָס ער זאָל ארומ־
רינגלען דעם קערפּער און זיך האַלטן אויף דעם אַקסל.

**Hurdy-Gurdy** הורדי־גורדי

אַן אַלטער אינסטרומענט וואָס באַשטייט פון פיר סטרו־
נעס איבער וועלכע מען פירט מיט אַ רונדן בויגן.
צוויי סטרונעס האָבן געוויסע שליסלען, וואָס קענען
רעגולירט ווערן און ברייגגען ארוים דעם טאָן, און די אַנ־
דערע דינען ארויסצובריינגען באַגלייטנדע באַס־טענער.

**Impromptu** אימפּראָמטו

עקספּראָמפּט ; אַ ניט פאָרבאַרייטע פאָרשטעלונג ; אַ
פאַנטאַזיע ; אַ קאָמפּאָזיציע פון אַ לויזער פאָרם און
לייכטער באַארבייטונג.

**Improvisation** אימפּראָוויזיישן

די קונסט פון שפּילן, זינגען אָדער דעקלאַמירן עטוואָס
ניט פאָרבאַרייט.

**Incidental Music** אינצידענטל מוזיק

אָרקעסטרעלע מוזיק צו באַגלייטן אָדער מאָלן געוויסע
שטעלן אין אַ דראַמע ; מוזיק פון אַזאַ כאַראַקטער,

וואָס ווערט געשפּילט זעלבסטשטענדיג אין דער פאָרם
פון אַן אָווערטור, ענטראַקט א. ד. ג.

**Interlude** **אינטערליוד**

אַ קורצע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע וואָס דינט ווי אַ
פאַרבינדונג צווישן איין אַקט און צווייטן אין אַ דראַמע;
מוזיק וואָס פאַראייניגט די סטראָפן אין אַ הימן.

**Intermezzo** **אינטערמעצאָ**

דאָס צווישן־שפּיל; אַ באַזונדערע טייל פון אַ מוזיקאַ־
לישער דראַמע, געשפּילט צווישן די אַקטן.

**Interval** **אינטערוואַל**

דער אונטערשייד אין קלאַנג צווישן צוויי טענער.

**Introduction** **אינטראָדאָקשאָן**

אַן אריינפיר צו אַ קאָמפּאָזיציע אָדער אָפּטיילונג.

**Invocation** **אינוואָקיישאָן**

דער אַקט פון אדרעסירן אין דער פאָרם פון א תפילה;
די פאָרם פון רופן נאָך הילף צו ווער עס איז, באַ־
זונדערס צו אַ געטליכן וועזן.

**Jig** **דזשיג**

אַ געוויסער סאָרט טאַנץ אין אַ שנעלן לעבעדיגן טאַקט.

**Jota** **יאָטאַ**

אַ שפּאַנישער נאַציאָנאַלער טאַנץ.

**Kalamaika** **קאַלאַמייקא**

אַ אונגאַרישער טאַנץ.

**Key** **קי**

אַ קלאַוויש, אַ ביינדל פון אַ פּיאַנאָ אָדער קלאַפּע פון
אַ בלאָז־אינסטרומענט; דער שליסל וואָס פאָרמירט דעם
אונטערשייד אין די קלאַנגען פון די פאַרשיידענע טענער.

**Keyboard** **קיבאָרד**

די קלאַוויאַטור, דאָס שליסל־ברעט, די רייען פון שליסל־
טענער אין אַן אָרגאַן אָדער פּיאַנאָ.

**Keynote** **קינאָוט**

דער לייטנדער טאָן; דער טאָן אויף וועלכן עס ווערט
געגרינדעט דער שליסל.

**Larghetto** **לאַרגעטאָ**

לאַנגזאַמער ווי לאַרגאָ; אַ פאַרקלענערטע לאַרגאָ.

**Largo** **לאַרגאָ**

1) גרויס, ברייט; 2) דער צייכן פון אַ לאַנגזאַמען טעמפּאָ; 3) אַ לאַנגזאַמע מאַיעסטעטישע אָבטיילונג פון אַ קאָמפּאָזיציע.

**Legato** **לעגאַטאָ**

שפּילן גלאַט אָן אונטערברעכונגען צווישן די טענער.

**Legatissimo** **לעגאַטיסימאָ**

אַזוי גלאַט ווי מעגליך.

**Legend** **לעגענדע**

אַ קאָמפּאָזיציע וואָס באַזירט אויף אַ פּאָעמע פון אַ ליריש־עפּישן כאַראַקטער אין דעם סטיל פור אַ ראָמאַנס אָדער לעגענדע.

**Leit-Motiff** **לייט מאָטיוו**

דער הויפּט־מאָטיוו פון אַ קאָמפּאָזיציע.

**Lento** **לענטאָ**

לאַנגזאַם; אויף אַ לאַנגזאַמען אופן.

**Libretto** **ליברעטאָ**

דער טעקסט, די דערציילונג פון אַן אָפּערע, אָראַטאָריע א. ד. ג.

**Loco** **לאָוקאָ**

פּלאַץ; שפּילן ווי עס איז אָנגעצייכנט.

**Lute** **ליוט**

אַ סטרונעס־אינסטרומענט, ענלאַך צו אַ באַלאַלייקע, וועלכער איז אַמאָל געווען שטאַרק גענוצט. די סטרונעס ווערן געפּיקט מיט דער רעכטער האַנט און מיט דער לינקער ווערן געדריקט די אָבשטעל־פּונקטן.

**Madrigal** **מאַדריגאַל**

אַ וואָקאַלע קאָמפּאָזיציע אין עטלאַכע טיילן, אָן באַגלייטונג, אין דעם אַלטן סטיל; אַ קורצע לירישע פּאָעמע פון אַ דאָרפישן כאַראַקטער, באַאַרבייט מוזיקאַליש.

**Maesta** מאַעסטאַ

מייעסטעטיש, מיט ווירדע.

**Major** מיידזשאָר

גרעסטער אין די אינטערוואַלן, סקיילס א. ד. ג.

**Masque** מעסק

אַ סאָרט מוזיקאַלישע און דראַמאַטישע אונטערהאַלטונג, געגרינדעט אויף מיטאָלאָגישע אָדער אַלעגאָרישע טעמעס.

**Mass** מעסס

אַ וואָקאַלע קאָמפּאָזיציע, געזונגען אין דער רוימיש־קאַטוילישער קירכע, מיט באַגלייטונג.

**Mezzo** מעצאָ

האַלב.

**Mezzo-Soprano** מעצאָ־סאָפּראַנאָ

אַ פרויען־שטימע צווישן אַלט און סאָפּראַנאָ.

**Minor** מיינאָר

קלענער, נידריגער אין די אינטערוואַלן, סקיילס א. ד. ג.

**Minstrel** מינסטרעל

אַ פּראָפּעסיאָנעלער מוזיקער וואָס זינגט און דעקלאַמירט פּאָעמען מיט אַן איינפאַכער אינסטרומענטאַלער באַגלייטונג; עס ווערט באַנוצט צו באַצייכענען די נאָכמאַכונג פון עטיאָפּישע מוזיק.

**Minuet, Minuetto** מינועט, מינועטאָ

אַ לאַנגזאַמער טאַנץ ריטם, וואָס ווערט אָפט באַנוצט אַלס טייל פון אַ סאָנאַטע, סימפּאָניע אָדער סוט.

**Miserere** מיזערעריי

אַ פּסאַלם־מאָטיוו וואָס ווערט געזונגען אין דער תפילה נאָך אַ געשטאָרבענעם.

**Moderato** מאָדעראַטאָ

מעסיג.

**Monody** מאָנאָדי

אַ קאָמפּאָזיציע אין וועלכער איין טייל, די מעלאָדיע, שפּילט די הויפּט־ראָליע.

**Motiff** **מאָטיף**

א קורצע פראַזע אָדער פיגור; א טעמע.

**Morendo** **מאָרענדאָ**

פארשווינדענדיג, אָפּשטארבענדיג.

**Moto** **מאָטאָ**

באוועגונג; זייער שנעל.

**Mute** **מיוט**

א געוויסער קליינער ארטיקל פון מעש, ביין אָדער האָלץ וואָס ווערט ארייגעטאָן אין די סטרונעס פון א פידל, וויאָלאָנטשעל אָדער מעשענע אינסטרומענטן, כדי אָפּצושוואכן דעם טאָן.

**Nocturne** **נאָקטורן**

א רוהיגע, ראָמאַנטישע און סענטימענטאַלע קאָמפּאָזיציע, וועלכע איז געוויינליך אין א לירישער פאָרם.

**Novelette** **נאָוועלעטע**

א אינסטרומענטאַלע קאָמפּאָזיציע, וועלכע איז פריי אין פאָרם, ראָמאַנטיש אין כאראקטער און באשטייט פון פארשיידנארטיגע טעמעס.

**Obbligato** **אָבליגאַטאָ**

דורכאויס נויטיג; א טייל וואָס קען ניט אויסגעלאָזן ווערן אין א קאָמפּאָזיציע; א אינסטרומענטאַלע באַגלייטונג פון א סאָלאָ-געזאַנג וואָס איז וויכטיג.

**Oboe** **אָבאָע**

א בלאָז-אינסטרומענט מיט א דאָפּלטן רער, וועלכער איז ענלאָך אין פאָרם און אין טאָן צו א קלארנעט. ער איז נאָר א ביסל דינער.

**Octave** **אָקטאַווע**

א סעריע פון אכט נאָטן וואָס קומען איינער נאָך די אנדערע; דער אינטערוואַל צווישן ערשטן און אכטן טאָן פון אזא סעריע.

**Ophicleide** **אָפיקליד**

א גרויסער מעשענער בלאָז-אינסטרומענט וואָס האָט א טיפן הילכנדן טאָן און א קאָמפּאַס פון דריי אָקטאַוועס.

**Opus** **אָפּוס**

דער נומער וואָס קאָמפּאָזיטאָרס באַנוצן צו באַצייכענען די אָרדנונג אין וועלכער זייערע ווערק זיינען געשריבן געוואָרן.

**Oratorio** **אָראַטאָריאָ**

אַ קאָמפּאָזיציע וועלכע באַשטייט פון אַריעס, רעטשי־טאַטיוון, טריאָס, כאָר־געזאַנג א. ד. ג. מיט דער באַ־גלייטונג פון אַן אָרקעסטער, און איז דאָס רוב געבילדעט אויף אויסצוגן פון דער ביבל. עס אונטערשיידט זיך פון אַן אָפּערא דורך דער אַבוועזנהייט פון סצענישע דעקאָראַציעס און דראַמאַטישע האַנדלונגען.

**Overture** **אָווערטור**

אַ מוזיקאַלישער פאָרשפּיל אָדער אַריינפיר צו אַ אָפּערא, אָראַטאָריע אָדער דראַמע; אַ זעלבסטשטענדיגע שטיק געשפּילט פון אַ פולן אָרקעסטער.

**Pallettes** **פּאַלעטעס**

די ווייסע קלאַווישן פון אַ פּיאַנאָ א. ד. פּ. די שוואַרצע רופן זיך „פּיינטס״.

**Pantomime** **פּאַנטאָמים**

אַ שטומע פאָרשטעלונג, וואו די סענטימענטן ווערן אויסגעדריקט דורך מימיק, אַקאָמפּאַנירט פון אינסטרו־מענטאַלע מוזיק.

**Passione** **פּאַסיאָן**

ליידנשאַפטליך, מיט געפיל.

**Passion Music** **פּעשיאָן מוזיק**

אַ מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציע וואָס מאָלט די ליידן און דעם טויט פון קריסטוס.

**Pasticcio** **פּעסטיטשיאָ**

אַ זאַמלונג פון לידער א. ד. ג. פון פאַרשיידענע קאָמפּאָ־זיטאָרס, צוזאַמענגעוועבט אין איינעם.

**Pastoral** **פּאַסטאָראַל**

אַ דאָרפישע מעלאָדיע; אַ קאָמפּאָזיציע וואָס האָט דעם צוועק צו מאָלן די סצענעס און געפילן פון דאָרף־לעבן.

**Percussion** **פּערקושאָן**

אַן אַלגעמיינער נאָמען פאַר אַלע מוזיקאַלישע אינסטרו־
מענטן וואָס מאַכן אַ געטומל און גיבן צו קאָליר צו דעם
שפּילן, ווי פּויקן, גלעקלאַך, צימבלס א. ד. ג.

**Pezzo** **פּעססאָ**

אַן אָבגעטיילטע מוזיקאַלישע שטיק; אַ פּראַזע.

**Phrase** **פרייז**

אַ פּראַזע, אַ קורצע זעלבסטשטענדיגע פיגור.

**Pianissimo** **פּיאַניסימאָ**

זייער שטיל און צאַרט.

**Piccolo** **פּיקאָלאָ**

אַ קליינע פלייט.

**Pitch** **פּיטש**

די לאַגע פון טאָן אין מוזיק, ווי הויך אָדער נידעריג
ער איז.

**Pizzicato** **פּיציקאַטאָ**

די פּראָדוצירונג פון טאָן אין אַ סטרונעס־אינסטרומענט
דורך די פינגער אָנשטאָט דעם בויגן.

**Poco** **פּאָקאָ**

אַ ביסל.

**Poco a Poco** **פּאָקאָ אַ פּאָקאָ**

שטופנווייז, ביסלאַכווייז.

**Polka** **פּאָלקאַ**

אַ לעבעדיגער באָהעמישער טאַנץ.

**Polonaise** **פּאָלאָנעז**

אַ פּוילישער טאַנץ פון מעסיגן ריטם, צוזאַמענגעמישט
פון פאַרשיידענע מעלאָדיען.

**Pot-Pourri** **פּאָפּורי**

אַ קאַפּריז אָדער אַ פאַנטאַזיע, אין וועלכער עס זיינען
צוזאַמענגעוועבט פאַרשיידענע אַריעס אָדער טיילן פון
באַליבטע מוזיקאַלישע שטיק.

**Praeludium** פרעלודיום

א מוזיקאלישע שטיק וועלכע קומט פאר דער הויפט־אבטיילונג פון א קאמפאזיציע.

**Prelude** פרעליוד

א פארשפיל צו א מוזיקאלישער דראמע, אפערא א. ד. ג.

**Presto** פרעסטא

1) שנעל, גיך; 2) א שנעלע אבטיילונג וועלכע שליסט אפט א קאמפאזיציע.

**Prima Donna** פרימאדאנא

ערשטע ליידי; די הויפט סאפראנא־זינגערין.

**Program-Music** פראגראם מוזיק

אינסטרומענטאלע מוזיק וואס זוכט פארצושטעלן, אויס־דריקן אדער מאלן באשטימטע פאזן פון געפילן אדער פאסירונגען.

**Quartet** קווארטעט

א קאמפאזיציע פאר פיר שטימען אדער אינסטרומענטן.

**Quintet** קווינטעט

א קאמפאזיציע פאר פינף שטימען אדער אינסטרומענטן.

**Recital** רעסייטל

1) דער אקט פון איבערגעבן, דערציילן; 2) א סעריע פון וואקאלע אדער אינסטרומענטאלע קאמפאזיציעס פון אן איינהייטליכן כאראקטער.

**Recitative** רעטשיטאטיוו

א סארט מוזיקאלישע דעקלאמאציע.

**Replica** רעפליקא

ווידערהאלונג.

**Requiem** רעקוויעם

א מוזיקאלישע תפילה נאך א געשטארבענעם.

**Reverie** רעווערי

א סענטימענטאלע קאמפאזיציע, וועלכע איז געוויינלאך אין א לירישער פארם.

**Rhapsody** ראפסאדי

1) אן אינסטרומענטאלע פאנטאזיע, געבילדעט מערסטנ־

טיילס אויף פאָלקס־לידער אָדער מאָטיוון ; 2) אַ ניט רעגלמעסיגע פאָרמלאָזע קאָמפּאָזיציע, וועלכע וואַנדערט פון איין מאָטיוו־שליסל אָדער טעמפּאָ צו דעם צווייטן, לויט דעם קאַפּריז פון דעם קאָמפּאָזיטאָר.

**ריטם** **Rhythm**

די געמאָסטענע באַוועגונג פון גלייכע טענער־גרופּן, די ווידערהאָלונג פון אַ גרופּע קלאַנגען אין גלייכע אינטער־וואַלן.

**ריזאָלוטאָ** **Risoluto**

אַנטשלאָסן, פעסט.

**ריטורנעל** **Ritournelle**

1) די הויפּט־געוויכט פון אַ וואָקאַלער מעלאָדיע ; 2) דער קורצער פאָרשפּיל אָדער אַריינפיר צו אַ ליד, און דער נאָכשפּיל ביים שלוס.

**ראָמאַנס** **Romance**

1) אַ באַלאַדע אָדער פּאָפּולערע געשיכטע אין פערזן ;
2) אַן אינסטרומענטאַלע שטיק פון אַ ראָמאַנטישן כאַ־ראַקטער אין אַ לירישער פאָרם.

**ראָנדאָ** **Rondo**

אַ וואָקאַלע אָדער אינסטרומענטאַלע קאָמפּאָזיציע וואָס באַשטייט פון איין וויכטיגער טעמע, וועלכע קערט זיך אַלע מאָל אום צוריק נאָך יעדער נייער טעמע.

**ראָסטיקאַנאָ** **Rusticano**

אין דאָרפישן סטיל.

**סאַלטאָ** **Salto**

אַ שפּרונג.

**סאַראַבענד** **Saraband**

אַ לאַנגזאַמער געלאַסענער טאַנץ מיט דער באַגלייטונג פון קאַסטאַנעטס.

**סאַקסאָפאָן** **Saxophone**

אַ מעשענער בלאָז־אינסטרומענט, ענלאָך צו אַ קלאַר־נעט, וועלכער האָט זעקס שליסלען און אַרום צוואַנציג עפענונגען.

**Scale** סקייל

די רייע פון העכערע און נידעריגע קלאַנגען אין דעם טאָן־לייטער.

**Scherzo** סקערצאָ

1) פריילאך, שפּילעוודיג, שפּאַסיג; 2) אַן אָבטיילונג אין אַ סאָנאַטע אָדער סימפאָניע פון אַ לעבעדיגן הומאָ־ריסטישן כאַראַקטער.

**Score** סקאָר

די פּאַרטיטור, אַ וואָקאַלע אָדער אינסטרומענטאַלע קאָמפּאָזיציע, סיסטעמאַטיש אַראַנזשירט און פּאַרטיג צום שפּילן.

**Seguidillia** סעגודיליאַ

אַ באַליבטער שפּאַנישער טאַנץ.

**Senza** סענטסאַ

אָן.

**Septet** סעפּטעט

אַ קאָמפּאָזיציע פאַר זיבן שטימען אָדער אינסטרומענטן.

**Sequence** סעקוועגס

די ווידערהאָלונג פון מעלאָדישע פּראַזן אין גלייכע אינ־טערוואַלן.

**Serenade** סערענייד

אַ סערענאַדע; אַן אָוונט־ליד פון אַ ליבהאָבער אונטער זיין געליבטער׳ס פענסטער; אַן אינסטרומענטאַלע קאָמ־פּאָזיציע אין דעם דאָזיגן סטיל.

**Serpent** סערפּענט

אַ זייער אַלטער באַס־אינסטרומענט, ענלאַך אין דער פאָרם צו אַ שלאַנג.

**Sextet** סעקסטעט

אַ קאָמפּאָזיציע פאַר זעקס שטימען אָדער אינסטרומענטן.

**Siciliana** סיטשיליאַנאַ

אַ טאַנץ פון די סיציליאַנער פּויערים מיט לאַנגזאַמע גראַציעזע באַוועגונגען.

**Solfeggio** **סאָלפעדזשיאָ**

איבונג פון דער שטימע.

**Sonata** **סאָנאַטאָ**

א קאָמפּאָזיציע פאר פיאנאָ, וועלכע אנטהאלט געוויינ־
לאך דריי אָדער פיר אָפּטיילונגען, פארבונדן צווישן זיך.

**Sonoro** **סאָנאָראָ**

מיט א העל קלינגענדן טאָן.

**Sordino** **סאָרדינאָ**

(זע „מיוט").

**Sostenuto** **סאָסטענוטאָ**

אויסגעצויגן דעם טאָן; פארלייגערט.

**Spiccato** **ספּיקאַטאָ**

אָבגעזונדערט, פארשפּיצט.

**Staccato** **סטאַקאַטאָ**

קורצע נאָטן, אָבגעהאַקט, אָפּגעריסן איינע פון די
אנדערע.

**Stanza** **סטאַנזאַ**

א צאָל שורות אָדער פערזן פון א פּאָעמע, אראַנזשירט
לויט א באשטימטן סדר.

**Stretta** **סטרעטאָ**

שנעלער מאַכן די צייט; א שלוס־מאָטיוו אין א שנעלן
טעמפּאָ.

**Suite** **סוט**

אַן אינסטרומענטאלע קאָמפּאָזיציע וואָס באשטייט פון
א סעריע קורצע שטיקער, וועלכע אונטערשיידן זיך
איינע פון די אנדערע אין כאראקטער.

**Symphonette** **סימפאָנעט**

א קליינע סימפאָני.

**Symphony** **סימפאָני**

אַן אינסטרומענטאלע קאָמפּאָזיציע, וועלכע באשטייט
געוויינלאך פון פיר אָבטיילונגען: 1) אלעגרא, 2) אדאַ־
גיאָ, 3) סקערצאָ, און 4) פינאל.

**טאַמבורין** **Tambourine**
א קליינער פּייקל, געקלאַפּט מיט'ן האַנט, מיט גלעקלאַך ביי דער זייט.

**טאַם־טאַם** **Tam-tam**
אַ פּייקל גענוצט פון די הינדוסן. עס איז געמאַכט פון אַ געמיש פון קופּער און צינק, און גיט אַרויס אַ שטאַרקן קלאַנג.

**טאַראַנטעלאַ** **Tarantella**
א זייער שנעלער איטאַליענישער טאַנץ־ריטם, באַנוצט פון אַ סך קאָמפּאָזיטאָרם פאַר זייערע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס.

**טעמפּאָ** **Tempo**
טעמפּאָ, טאַקט, די מאָס פון שנעלקייט פון דעם ריטם.

**טערצעט** **Tercet**
אַ טריאָ פאַר דריי שטימען, אָדער אינסטרומענטן.

**טעסטאָ** **Testo**
טעקסט ; די טעמע.

**טים** **Theme**
א מוזיקאַלישע שטיק געבילדעט געוויינלאַך אויף דער אַקאָמפּאַנימענט.

**טאָקאַטאַ** **Toccata**
א מוזיקאַלישע שטיק געבלידעט געוויינלאַך אויף דער באַהאַנדלונג פון אַן איינצלנער פיגור.

**טרעבל** **Treble**
די העכסטע טייל אין וואָקאַלער מוזיק.

**טרעמאָלאָ** **Tremolo**
דער ציטערנדער עפעקט פון טענער, ארויסגעבראַכט מיט גרויסער שנעלקייט.

**טרייאַיינגעל** **Triangle**
אַ שטאָלענער שטאַנג, געבויגן אין דער פאָרם פון אַ דריי־עק, וועלכער גיט אַרויס ביים קלאַפּן קלינגנדע טענער.

**Triomphale** — **טריאָמפּאַלע**

מיט טריאומף.

**Tuba** — **טובאַ**

אַ מעשענער בלאָז־אינסטרומענט, וועלכער גיט ארויס אַ טיפן און ברייטן טאָן.

**Tympano** — **טימפּאַנאָ**

קעסל־פּויקן.

**Una voce** — **אונא וואָצע**

איין שטימע.

**Un poca** — **אַן פּאָקאַ**

אַ ביסל.

**Unison** — **אוניסאָן**

דער זעלבער טאָן ארויסגעבראכט פון צוויי אָדער מער שטימען אָדער אינסטרומענטן.

**Vago** — **וואַגאָ**

אונבאשטימט, ניט זיכער; טרוימעריש.

**Variations** — **ווערִיאַישנס**

ווידערהאָלונגען פון אַ טעמע אָדער מאָטיוו אין אַ נייער און פאַרשיידענער פאָרם מיט קונציגע פיגורן און באַפּוצונגען.

**Vaudeville** — **וואָדעוויל**

אַ לייכטע אָפּערעטע וואָס באשטייט פון דיאַלאָגן געמישט מיט געזאַנג.

**Vibrato** — **וויבראַטאָ**

דער ציטערנדער עפעקט פון טאָן.

**Viola** — **וויאָלאַ**

אַ טענאָר־פידל, ענלאך אין טאָן צו דער פידל, נאָר אַביסל גרעסער און איז געטאָנט מיט אַ פינפטל נידעריגער.

**Virtuoso** — **ווירטואָזאָ**

אַ בארימטער קינסטלער אויף וועלכן עס איז אינסטרומענט.

**וויוואַטשע** **Vivace**

לעבעדיג, באגייסטערט.

**ווינד אינסטרומענטס** **Wind instruments**

דער אַלגעמיינער נאָמען פאַר אַלע אינסטרומענטן, וואָס גיבן אַרויס קלאַנגען דורך דעם אָטעם אריינבלאָזן אָדער דורך ווינט.

**וואוד ווינד** **Wood wind**

די אָרקעסטראַלע בלאָז־אינסטרומענטן, וואָס זיינען געמאַכט פון האָלץ.

**קסילאָפאָן** **Xylophone**

אַ זייער אַלטער אינסטרומענט וועלכער אַנטהאַלט אַ סעריע פון שטיקלאַך האָלץ, גלאָז אָדער מעטאַל וואָס ברייננגען אַרויס, ווען מען קלאַפּט איבער זיי מיט אַ קליינעם האַמער פאַרשיידענע ווייכע טענער.

**ציטער** **Zither**

אַן אינסטרומענט וואס באשטייט פון א פוסטער הילצערנער קעסטל איבער וועלכער עס זיינען אויסגעשפּרייט ארום דרייסיג סטרונעס. פינף סטרונעס ווערן גענוצט פאַר דער מעלאָדיע און די איבעריגע פאַר באגלייטונג.